# מעשהלעך פאַר קינדער

בוך איינס

צווייטע אויפלאַגע

פאַרלאַג „יידישע שול אין מעקסיקע“

— 1947 —



אילוסטראַציעס און שער בלאַט

א מתנה דער יידישער שול פון

אַרכיטעקט און געוועזענעם

תלמיד

**אברהם ענגעל**

# "CUENTOS PARA NIÑOS"

Editado por el Colegio Israelita de México

SEGUNDA EDICION

**Imprenta "SABER," Bajío No. 319**

מיין ערשט יידיש בוך

האָבן מיר געקויפט

מיין טאַטע און מיין מאַמע

דעם טאָג אין

דעם חודש

פון דעם יאָר

ווען איך בין אַלט געווען

יאָר מיט חדשים

# צו די לערער



לערנען מעשהלעך מיט קינדער הייסט אזויפיל מאָל פאַרלייענען, לייענען, דערציילן, שפּילן, פאַרשטעלן, צוגעבן, אראָפּנעמען, ענדערן און בכלל אויסנוצן אין אלערליי ארבעטן און שפּילן ביז דער אינהאלט, די בילדער, אויסדרוקן און שפּראך בכלל זאָלן ווערן אן אייגנס פון די קינדער.

„וויסן" — קענען „דערקלערן" איז דאָ ניט וויכטיק לגמרי.

אַ טייל מעשיות און לידער זיינען צום זינגען. די נאָטן קען מען קריגן אין דער יידישער שול אין מעקסיקע.

# דער רעטעך



דער פרילינג איז געקומען, האָט דער זיידע נוח פאר דער ארבעט זיך גענומען און האָט פארזעצט א רעטעך.

איז געקומען דער זומער, איז דער רעטעך אויסגעוואקסן א גרויסער, א גרויסער און א געראָטענער.

האָט דער זיידע נוח געוואָלט דעם רעטעך פון דער ערד ארויסשלעפן.

ער שלעפּט און ציט, ציט און שלעפּט און אַרויסשלעפּן דעם רעטעך קאָן ער נישט.

האָט דער זיידע נוח די באָבע זלאַטע גערופן, זי זאָל אים העלפן דעם רעטעך פון דער ערד ארויסשלעפּן.

די באָבע זלאַטע שלעפּט דעם זיידן פאַר דער קאַפּאָטע, דער זיידע נוח שלעפּט דעם רעטעך מיטן גאנצן כוח, זיי שלעפּן, ציען, ציען, שלעפּן, נאָר דעם רעטעך ארויסשלעפּן קאָנען זיי נישט.

האָט די באָבע זלאַטע גערופן איר אייניקל פריידל.

דאָס אייניקל פריידל שלעפּט די באָבען פאַרן קליידל, די באָבע זלאַטע שלעפּט דעם זיידן פאר דער קאַפּאָטע.

דער ציידע נוח שלעפט דעם רעטעך מיטן גאנצן כוח, זיי שלעפן, ציען, ציען, שלעפן, נאָר ארויסשלעפן דעם רע-טעך קאָנען זיי נישט.
האָט דאָס אייניקל פריידל גערופן דאָס הינטעלע טרע-פעלע.

הינטעלע-טרעפעלע שלעפט דאָס מיידעלע פריידע-לע פאַרן צעפעלע, דאָס אייניקל פריידל שלעפט די באָ-בען פארן קליידל, די באָבע זלאטע שלעפט דעם זיידן פאר דער קאפאָטע, דער זיידע נוח שלעפט דעם רעטעך מיטן גאנצן כוח, זיי שלעפן, ציען, ציען, שלעפן, נאָר אַרויסשלעפן דעם רעטעך קאָנען זיי נישט.
האָט דאָס הינטעלע-טרעפעלע גערופן דאָס קעצעלע-דראפקעלע.

קעצעלע-דראפקעלע שלעפט דאָס הינטעלע פאר א לאַפקעלע, הינטעלע-טרעפעלע שלעפט דאָס מיידעלע פארן צעפעלע, דאָס אייניקל פריידל שלעפט די באָבען פאַרן קליידל, די באָבע זלאַטע שלעפט דעם זיידן פאַר דער קאפאָטע, דער זיידע נוח שלעפט דעם רעטעך מיטן גאנצן כוח, נאָר ארויסשלעפן דעם רעטעך קאָנען זיי נישט .
האָט דאָס קעצעלע-דראפקעלע גערופן דאָס מייזעלע-ברעקעלע.
מייזעלע-ברעקעלע שלעפט דאָס קעצעלע פארן עקע-לע, קעצעלע-דראפקעלע שלעפט דאָס הינטעלע פאר א לאפקעלע, הינטעלע-טרעפעלע שלעפט דאָס מיידעלע

פאַרן צעפּעלע, דאָס אייניקל פרײדל שלעפּט די באָבען פאַרן קליידל, די באָבע זלאַטע שלעפּט דעם זיידן פאַר דער קאַפּאָטע, דער זיידע נות שלעפּט דעם רעטעך מיטן גאַנצן כוח, זיי שלעפּן, ציִען, ציִען-שלעפּן און האָבן קוים דעם רעטעך פון דער ערד אַרויסגעריסן.

דער זיידע קוועלט, דער רעטעך איז געפּעלט, די באָ-בע זינגט, דאָס אייניקל שפּרינגט, דאָס הינטעלע האַוו-קעט, דאָס קעצעלע ניאַווקעט און דאָס מייזעלע-ברעקע-לע פּאַכעט מיטן עקעלע.

דעם ערשטן שבת, נאָך דער שול, אויב די קינדער וועלן ביים טיש זיצן שטיל, וועט די באָבע דעם רעטעך אָפּשיילן, און דעם זיידן מיט די קינדערלעך צעטיילן: גע-שאָבן, געבראָקט, באַזאַלצט מיט זאַלץ, פאַרהאַקט מיט ציבעלע, באַגאָסן מיט שמאַלץ. די קינדער וועלן עסן מיטן פולן מויל, און דעם זיידן העלפן זינגען זמירות אויפן קול; און די באָבע וועט זיצן ביים טיש אַנטקעגן און קוועלן, שמייכלען, האָבן גרויס פאַרגעניגן.

# די רביצין מיט די אייניקלעך




איז געווען א רב מיט אַ רביצין איין מאָל פרייטיק איז דער רב אַוועק אין שול, — די רביצין אין מיל, און די קינדערלעך זיינען געבליבן אליין אין דער היים.

נישט ווייט, אין וועלדל האָט אַ בער געוווינט. האָט ער געזען, דער רב איז אוועק אין שול, די רביצין אין מיל און די קינדערלעך זיינען אליין אין שטוב, איז ער צו דער טיר צוגעגאנגען און קלאפּן אָנגעהויבן:

טוק-טוק-טוק!<br>
טוק-טוק-טוק!<br>
טראך-טראך-טר-ר-אך!

— קינדערלעך, קינדערלעך, עפנט מיר אויף, גיט מיר א שטיקעלע חלה מיט פיש, איך בין אן אָרעם יינגעלע.

— ניין, ניין! האָבן די קינדערלעך אויסגעשריגן.

—ניין, ניין!<br>
דו ביסט א בער<br>
און קומסט אהער,<br>
קומסט פון טיפן וואלד

אונדז אויפעסן באלד.

דער בער איז אוועק, זיך איבערגעטאָן, צו דער טיר צו געגאנגען און ווידער קלאפּן אָנגעהויבן:

טוק-טוק-טוק!

טוק-טוק-טוק!

— קינדערלעך, קינדערלעך! עפנט מיר אויף! גיט מיר אַ ביסעלע קאַשע. איך בין דאָס ישיבה-יינגל, וואָס עסט ביי אייך שבת.

— ניין, ניין! — האָבן די קינדערלעך אויסגעשריגן.

—ניין, ניין!

דו ביסט א בער

און קומסט אהער,

קומסט פון טיפן וואלד

אונדז אויפעסן באלד.

דער בער איז אוועק, זיך ווידער איבערגעטאָן, צו דער טיר צוגעגאנגען און קלאפּן גענומען:

טוק-טוק-טוק!

טוק-טוק-טוק!

— קינדערלעך, קינדערלעך! עפנט מיר אויף! גיט מיר א שטיקעלע קוגל! איך בין אנדריי דער גוי, וואָס נעמט ביי אייך די שבת-לייכטער אראָפּ. איך האָב אייך שבת-אויפס געבראַכט.

— ניין, ניין! — האָבן די קינדערלעך אויסגעשריגן.

—ניין, ניין!

דו ביסט א בער

און קומסט אהער,
קומסט פון טיפן וואלד
אונדז אויפעסן באלד.

דער בער איז אוועק א צערייצטער. זיך ווידער איבער-געטאָן, צו דער טיר צוגעגאנגען, און קלאפן אָנגעהויבן:

טוק-טוק-טוק!
טוק-טוק-טוק!

— קינדערלעך, קינדערלעך! עפנט מיר אויף! גיט מיר א ביסעלע צימעס. איך בין העשל דער שמש, וואָס רופט אין שול אריין.

— ניין, ניין! — האָבן די קינדערלעך אויסגעשריגן.

—ניין, ניין!
דו ביסט א בער
און קומסט אהער,
קומסט פון טיפן וואלד
אונדז אויפעסן באלד.

איז דער בער אין כעס געוואָרן, א שטארקן ברום געטאָן און א זעץ געטאָן אין טיר — און די טיר צעפראלט.

די קינדערלעך האָבן זיך שטארק דערשראָקן און זיך באַהאַלטן: איינער אויפן אויוון, איינער אין אויוון, איינער אין שאפע און איינער אונטער דער שאפע, איינער אויפן טיש, איינער אונטערן טיש, איינער אויף דער קאנאפע, איינער אונטער דער קאַנאַפּע, און דאָס קליינע העשעלע האָט זיך באהאלטן אין א קליין פלעשעלע.

איז דער בער אריינגעגאנגען, דעם אויוון געעפנט.

דעם טשאָלנט אויפגעגעסן, דערנאָך די קינדערלעך אויפ־געזוכט פון אויוון, פון אונטערן אויוון, פון שאפע, פון אונ־טער דער שאַפע, פון קאַנאַפּע, פון אונטער דער קאַנאַפּע, און — האם! האם! — זיי אַלע איינגעשלונגען.

דערנאָך זיך ארומגעקוקט, ארומגעקוקט, געכאַפּט די פּיס אויף די פּלייצעס און אין וואַלד אריין.

דער רב איז געקומען פון שול, די רביצין — פון מיל, זעען זיי: טירן — אָפן, דער טשאָלנט — אויפגעגעסן און די קינדערלעך זיינען נישטאָ.

האָבן זיי די קינדערלעך געזוכט, אויפן אויוון, אין אויוון, אין שאפע, אונטער דער שאפע — נישטאָ. אויפן טיש, אונטערן טיש, אויף דער קאַנאַפּע, אונטער דער קאַנאַפּע, — נישטאָ.

פּלוצים הערן זיי:

— מאַמע, מאַמע, אָט בין איך! אָט בין איך!

האָט די רביצין א קוק געטאָן און דערזען: העשעלע באַהאַלטן אין א קליין פלעשעלע.

האָט זי העשעלען פון פלעשעלע ארויסגענומען, האָט איר העשעלע דערציילט, ווי דער בער האָט די טירן אויס־געזעצט, דעם טשאָלנט אויפגעגעסן, די קינדערלעך איינ־געשלונגען, און אין וואַלד אַוועק.

זיינען זיי אין וואַלד אַוועק, דעם בער צו זוכן: גייען זיי וואַלד איין, וואַלד אויס, דערזעען זיי אין עק וואַלד דעם בער שטיין.

האָט די רביצין דעם בער אָנגעהויבן אזוי פאַרנאַרן:

— בערעלע, בערעלע! קום אַהער, נאַ דיר אַ שטיקעלע חלה מיט פיש!

— וויל איך נישט.

— בערעלע, בערעלע! קום אהער, נא דיר א ביסעלע קאַשע.

— וויל איך נישט.

— בערעלע, בערעלע! קום אהער, נא דיר א שטיקעלע קוגל!

— וויל איך נישט.

— בערעלע, בערעלע! קום אַהער, נאַ דיר אַ בעכערל וויין אויף קידוש!

— איך וויל, איך וויל! — האָט ער בער אויסגעשריגן און איז צו דער רביצין צוגעלאָפן.

האָט אים די רביצין וויין געגעבן, איז ער איינגעשלאָפן.

האָט אים די רביצין דעם בויך צענומען, און אלע קינדערלעך געפונען.

די קינדערלעך האָבן שטעקנס געכאַפּט, און דעם בער פארטריבן אין טיפן, טיפן וואַלד אַריין.

# דאָס קוכעלע



איז געווען אַ זיידע און אַ באָבע, בעט דער זיידע:

— באַק מיר, אַלטיטשקע, א קוכעלע אָפּ.

— פון וואָס זאָל איך עס דיר אָפּבאַקן? — זאָגט די באָבע, נישטאָ קיין מעל.

זאָגט דער זיידע: — אין אַלע ווינקעלעך, וועסטו זוכן וועסטו נאָך עפּעס געפינען.

האָט די באָבע געפאָלגט און איז אין קאַמער אוועק, אַלע ווינקעלעך ארומגעשארט, אַלע פּאָליצעס ארומגעווישט און פון דעם מעל א קוכעלע פארקנאָטן און אין אויוון אריינגעזעצט. אויסגעבאַקן דאָס קוכעלע, פון אויוון אַרויסגענומען און אויפן פענצטער געלייגט — עס זאָל זיך אויסקילן.

ליגט דאָס קוכעלע אויפן פענצטער, ליגט, ליגט, ביז ס׳איז דעם נימאס געוואָרן צו ליגן און — אראָפּגעקייקלט זיך: פון פענצטער צו דער טיר, פון דער טיר צום גראָז, און פון דעם גראָז אויפן וועג אראָפּ — און אוועקגעקייקלט זיך ווייט-ווייט אין וואלד אַריין.

קייקלט זיך קוכעלע מיטן וועג גלייך און באגעגנט א העזעלע.

— קוכעלע, קוכעלע! איך וועל דיך אויפעסן!

— ניין, העזעלע, וועסט מיך נישט אויפעסן; איך וועל בעסער א לידעלע דיר זינגען.

העזעלע שטעלט מויל און אויערן אָן, און קוכעלע זינגט:

פּאַטש-פּאַטש קיכעלעך,
כ׳לויף אַרום אָן שיכעלעך!
אַלע ווינקעלעך ארומגעשאַרט,
מיך פון דאָרט ארויסגענאַרט.
אין מולטער פאַרקנאָטן
אין אויוון פאַרבעטן
אויפן פענצטער געלייגט —
בין איך פון זיידן אנטלאָפן
פון באָבען אנטלאָפן,
און פון דיר, אָרעם העזעלע
וועל איך אויך אנטלויפן!

און מיטן וועג גלייך זיך אוועקגעקייקלט — קוים מיטן אויג אָנצוזען.

קייקלט זיך קוכעלע אויפן ווייטן וועג און אים אנט-קעגן לויפט א וואָלף.

— קוכעלע, קוכעלע! איך וועל דיך אויפעסן!

— ניין, וואָלף וועסט מיך נישט אויפעסן! הער בעסער, איך וועל דיר א לידעלע זינגען.

און זינגט:

פּאַטש-פּאַטש קיכעלעך,

כ׳לויף ארום אָן שיכעלעך!

אַלע ווינקעלעך ארומגעשאַרט,

מיך פון דאָרט אַרויסגענאַרט.

אין מולטער פארקנאָטן

אויפן פענצטער געלייגט —

בין איך פון זיידן אנטלאָפן

פון באָבען אנטלאָפן,

פון העזעלע אנטלאָפן,

און פון דיר, וואָלף, —

וועל איך אויך אנטלויפן!

און זיך ווייטער אוועקגעקייקלט, קוים מיטן אויג אָנ-צוזען.

קייקלט זיך ווידער דאָס קוכעלע אויפן ווייטן וועג, ערשט לעקיש-בער קומט אים אנטקעגן.

— קוכעלע, קוכעלע! איך וועל דיך אויפעסן!

— נאַרישער בער, ווי פאלט דיר גאָר איין אויפצועסן מיך? הער בעסער, איך האָב פאר דיר א לידעלע גאָר אַן אנטיק.

בער שפּיצט די אויערן אָן און קוכעלע זינגט:

פּאַטש-פּאַטש קיכעלעך,

כ׳לויף ארום אָן שיכעלעך!

אלע ווינקעלעך אַרומגעשאַרט,

מיך פון דאָרט ארויסגענאַרט.

אין מולטער פאַרקנאָטן
אין אויוון פארבעטן
אויפן פענצטער געלייגט —
בין איך פון זיידן אַנטלאָפן
פון באָבען אַנטלאָפן,
פון העזעלע אנטלאָפן,
פון וואָלף אנטלאָפן,
און פון דיר, לעקיש-בער,
וועל איך אויך אנטלויפן!

און זיך ווייטער אוועקגעקייקלט, קוים מיטן אויג אָנצוזען.

קייקלט זיך קובעלע, קייקלט זיך און קומט אויפן ברייטן וועג ארויס און אים אנטקעגן לויפט א פארסאָ-פעטער פיקסל-נאשער.

הא, וואָס מאכסטו עפּעס קובעלע, דו מיין קובעלע שיין? ס׳ארא פרישינקער, ס׳ארא רויטינקער!

קובעלע טאנצט אזש אונטער פון פרייד און טוט גלייך אויף א בערגעלע א שפּרונג און צעגיסט זיך אויף אַ דין קולכל:

פיקסל הערט און רוקט זיך דערווייל פאמעלעך צו נענטער און נענטער:

פּאַטש-פּאַטש קיבעלעך,
כ׳לויף ארום אָן שיכעלעך!
אלע ווינקעלעך ארומגעשארט,

מיך פון דאָרט אַרויסגענאַרט.
אין מולטער פאַרקנאָטן,
אין איוון פאַרבעטן,
אויפן פענצטער געלייגט —
בין איך פון ציידן אַנטלאָפן,
פון באָבען אַנטלאָפן,
פון העזעלע אַנטלאָפן,
פון וואָלף אַנטלאָפן,
פון בער אַנטלאָפן,
און פון דיר, פּיקסל,
וועל איך אויך אַנטלויפן!

— אַ שיין לידעלע, — זאָגט פּיקסל, — גאָר אַן אַנטיק פון אַ לידעלע! איך בין אָבער אַלט, קוים וואָס איך הער.

— זיי אַזוי גוט, קוכעלע, קום צו מיר נעענטער, שפּרינג אַרויף אויף מיין נעזעלע און נאָך אַמאָל זינג עס מיר איבער.

קוכעלע דערפרייט זיך, וואָס זיין לידעלע געפעלט, טוט אַ שפּרונג גלייך אויף פּיקסלס נאָז אַרויף און צע-זינגט זיך אויפן קול:

— פּאַטש-פּאַטש קיכעלעך — — —

און פּיקסל — האַם! דאָס קוכעלע אויפגעגעסן.

# דריי בערן



זיינען געווען דריי בערן און האָבן געלעבט צוזאַמען אין אַ שטיבעלע אין מיטן וואַלד.

איינער פון זיי איז געווען גאָר אַ קליין בערעלע.

דער צווייטער איז געווען אַ גרעסערער בער.

און דער דריטער איז געווען גאָר אַ גרויסער בער.

יעדערער פון זיי האָט זיך געהאַט זיין טעלערל צום עסן. דאָס קליינע בערעלע — אַ קליין טעלערל, דער גרע- סערער בער אַ גרעסער טעלערל און דער גרויסער בער — אַ גרויסן טעלער.

און יעדערער האָט געהאַט זיין אייגן בענקעלע צום זיצן: דאָס קליינע בערעלע — אַ קליין בענקעלע, דער גרעסערער בער — אַ גרעסער בענקעלע, און דער גרוי- סער בער — אַ גרויסע באַנק.

און יעדערער האָט געהאַט זיין אייגן בעטל צום שלאָפן: דאָס קליינע בערעלע — אַ קליין בעטעלע, דער גרעסערער בער — אַ גרעסער בעטעלע, און דער גרוי- סער בער — אַ גרויסע בעט.

איין מאָל האָבן זיי זיך אָפּגעקאָכט אַ זופּ אויף מיטאָג, האָבן די זופּ צעגאָסן אין די טעלער, און אַליין זיינען זיי זיך אַביסל דורכגעגאַנגען אין וואַלד, ביז די זופּ וועט זיך אויסקילן. דאָס איז געווען זייער אַ גוטע, פעטע זופּ.

די בערן שפּאַצירן זיך דאָרט, און אין זייער שטיבעלע איז דערווייל אַריינגעקומען אַ קליין מיידעלע. „מערעלע גאָלד-הערעלע" האָט מען זי גערופן.

דאָס מיידעלע איז נאָך קיין מאָל נישט געווען אין דעם וואַלד און האָט דאָס קליינע שטיבעלע נאָך קיין מאָל ניט געזען. דאָס איז געווען אַזאַ ליכטיק, שיין, קליין שטיבעלע!

דאָס מיידעלע האָט געכאַפּט אַ קוק אין פענצטער אַריין, דערנאָך אין לאָך פון שלאָס. דערזען, אַז קיינער איז אין שטוב ניטאָ, האָט זי אַן עפן געטאָן די טיר — די טיר איז ניט געווען פאַרשלאָסן, ווייל די בערן, זיי האָבן אַליין קיינעם קיין שלעכטס ניט געטאָן, און ניט געטראַכט, אַז עמיצער אַן אַנדערער קאָן זיי שלעכטס טאָן.

מערעלע איז אַריינגעגאַנגען אין שטיבעלע, האָט דערזען אויפן טיש די אויסגעקילטע זופּ, האָט זי זיך שטאַרק דערפרייט און באַלד גענומען זיך אַליין מכבד זיין.

אַפריער האָט זי פאַרזוכט דעם גרויסן בערס זופּ, איז געווען צו הייס, דערנאָך האָט זי פאַרזוכט דעם מיטעלן בערס זופּ, איז אָבער געווען צו קאַלט, דעמאָלט איז זי צוגעגאַנגען צום קליינעם בערעלעס טעלערל און פאַר-

זוכט די זופּ, איז געווען ניט צו הייס, ניט צו קאַלט, פּונקט ווי מען דאַרף. און די זופּ איז געווען אַזוי געשמאַק, אַז זי האָט זי אויפגעגעסן אין גאַנצן, דערנאָך איז גאָלדהערע-לע אַרויפגעקראָכן אויפן גרויסן בערס בענקל, איז עס אָבער געווען צו האַרט פאַר איר. האָט זי אַ פּרוּוו געטאָן דעם מיטעלן בערס בענקל — איז עס צו ווייך געווען, איז זי דעמאָלט אַרויף אויף דעם קליינעם בערעלעס בענ-קעלע, און עס איז געווען נישט צו האַרט און נישט צו ווייך, פּונקט ווי מ'דאַרף. אָבער דאָס מיידעלע האָט זיך אין דעם אַזוי טיף אַריינגעזעצט, אַז דאָס בענקל האָט זיך צעבראָכן און מערעלע איז געפאַלן אויף דער ערד מיט די פיסלעך אַרויף.

האָט זיך דאָס מיידעלע אויפגעהויבן, איז אַרויפגע-גאַנגען אויף די טרעפּ אַרויף. דאָס איז געווען דער שלאָף-צימער פון די בערן און עס זענען געשטאַנען דריי בעטלעך.

צוערשט האָט זי זיך צוגעלייגט אינעם גרויסן בערס בעט. איז איר אָבער געווען צו הויך צוקאָפּנס, האָט זי זיך אַוועקגעלייגט אינעם מיטעלן בערס בעטל, איז עס אָבער געווען צו נידעריק צופוסנס, איז זי דעמאָלט אַריבער אינעם קליינעם בערעלעס בעטעלע, און דאָס איז געווען ווי מען דאַרף. האָט זיך גאָלדהערעלע איינגעדעקט מיט דער קאָלדרע און איז אַנטשלאָפן געוואָרן.

אָפּגעשפּאַצירט, זיינען די בערן צוריקגעקומען אַהיים נעמען זיך צום מיטאָג.

און מערעלע - גאָלדהערעלע האָט געלאָזן שטעקן דעם גרויסן בערס לעפל אין זיין טעלער.

# עמיצער האָט געזופּט מיין זופּ

האָט דער גרויסער בער געזאָגט מיט זיין גראָבן קול.

און אַז דער מיטעלער בער האָט אַ קוק געגעבן אין זיין טעלער, האָט ער דערזען, אַז אויך אין זיין זופּ ליגט די לעפל.

— מיין זופּ האָט אויך עמעצער געזופּט!

— האָט דער מיטעלער בער געזאָגט מיט זיין שטי-לערער שטים.

דעמאָלט האָט דאָס קליינע בערעלע אויך אַ קוק געגעבן אין זיין טעלערל, ביי אים אין טעלער איז אויך געלעגן די לעפל, נאָר די זופּ איז דאָרט שוין ניט געווען!

— מיין זופּ האָט אויך עמעצער געזופּט און זי אינגאנצן אויפגעגעסן!

— האָט דאָס בערעלע אַ געשריי געטאָן מיט זיין דין, שוואַך קולכל.

דאָס דערזען, האָבן די דריי בערן פאַרשטאנען, אַז עמיצער איז דאָ געווען אין שטוב ביי זיי, און זיי האָבן גע-נומען זוכן אין אַלע ווינקעלעך.

און אַז גאָלדהערעלע איז אויפגעשטאנען פונם גרויסן בערס בענקל, האָט זי נישט אָוועקגעלייגט דאָס קישעלע צוריק אויף זיין אָרט.

# עמיצער איז געזעסן אויף מיין בענקל

— האָט דער גרויסער בער געזאָגט מיט זיין גראָבער שטים.

און מערעלע-גאָלדהערעלע האָט צעקנייטשט אויך דאָס קישעלע פונם מיטעלן בער.

— עמיצער איז געזעסן אויף מיין בענקל! — האָט דער מיטעלער בער געזאָגט מיט זיין שטילערער שטים.

און וואָס מערעלע - גאָלדהערעלע האָט געטאָן מיטן דריטן בענקעלע ווייסט איר דאָך שוין.

עמיצער איז געזעסן אויף מיין בענקל און עס אינגאנצן צעבראָכן!

— האָט געשריען דאָס קליינע בערעלע מיט זיין דין, שוואַך קולכל.

דאָס אַלץ דערזען און אונטן קיינעם נישט געפונען, האָבן זיך די בערן פאַרטראַכט: מען דאַרף אַרויפגיין אַרויף, אַ קוק טאָן אין שלאָפצימער.

מערעלע האָט געהאַלטן דעם גרויסן בערס קישן און נישט אַוועקגעלייגט צוריק אויף איר אָרט.

# עמיצער איז געלעגן אויף מיין בעט

— האָט דער גרויסער בער געזאָגט מיט זיין גראָבער שטים.

מערעלע - גאָלדהערעלע האָט אַראָפּגערוקט די קישן אויך אויף דעם צווייטנס בעט.

— עמיצער איז געלעגן אויף מיין בעט! — האָט דער מיטעלער בער געזאָגט מיט זיין שטילערער שטים.

און אַז דאָס קליינע בערעלע האָט אַ קוק־געגעבן אויף זיין בעטעלע, איז די קישן געווען אויף איר אָרט, און אויף דער קישן האָט ער דערזען אַ קאָפּ מיט דינע גאָלדענע פעדעמלעך; דאָס איז געווען דעם מיידעלעס גאָלדענע האָר!

— עמיצער האָט זיך געלייגט אין מיין בעטל און ליגט נאָך איצט אויך!
— האָט אַ געשריי געטאָן דאָס קליינע בערעלע מיט זיין שטילערער שטים.

מערעלע האָט אין שלאָף געהערט דעם גרויסן בערס גראָבן קול, האָט זי געמיינט — עס דונערט. דערנאָך האָט זי געהערט דעם מיטעלן בערס שטילערע שטים, האָט זיך איר אויסגעוויזן — מען רעדט פון שלאָף, און אַז זי האָט דערהערט דעם קליינעם בערעלעס דין, שוואַך קולכל האָט עס איר אַזאַ קוויטשע געטאָן אין אויער, אַז זי האָט זיך גלייך אויפגעכאַפּט. זי האָט אויף גיך זיך אַוועקגע־זעצט אויפן בעטעלע און דערזען דריי בערן לעבן זיך, האָט זי זיך אַראָפּגעקוילערט אויף דער ערד פון דער צוויי־טער זייט און זיך געלאָזט לויפן צום פענצטער.

דאָס פענצטער איז געווען אָפן, ווייל די בערן, אַז זיי פלעגן גאַנץ פרי אַרויסגיין פון זייער שלאָף־צימער, פלעגן זיי אויפעפענען די פענצטער.

דאָס פענצטער איז געווען נישט נאָר הויך, איז מערע־

לע-גאָלדהערעלע אַרויסגעשפּרונגען דורך דעם פענצטער
און זיך געלאָזט לויפן מיט אַלע כוחות אַהיים צו איר
מאַמען.

# דאָס גאָלדענע קייקעלע



אַמאָל אַ ברודערל מיט אַ שוועסטערל — חנהלע און משהלע.

ס'איז געווען פאַר פסח. ביי אַלע קינדערלעך איז שוין געווען אָנגעגרייט אויף יום-טוב נייע קליידעלעך מיט נייע שיכעלעך. נאָר משהלע מיט חנהלען האָבן גאָרנישט ניט געהאַט. דער טאַטע איז געווען קראַנק און האָט זיי גאָרניט ניט געקאָנט קויפן.

חנהלע מיט משהלען האָבן אַלץ געוואַרט אויף נייע שיכעלעך מיט נייע קליידעלעך, נאָר ס'איז שוין פסח אָנ-געקומען און קיין נייע שיכעלעך מיט נייע קליידעלעך זיינען נאָך אַלץ ניטאָ.

חנהלע מיט משהלען האָבן זיך אויף דער שוועל אַוועקגעזעצט. זיי זענען געווען פאַרזאָרגט און האָבן זיך געשעמט פאַר די חברטעס זיך ווייזן.

חנהלע האָט זיך שטאַרק צעוויינט.

מיט אַ מאָל האָט זיך אַן אַלטער מאַן פאַר זיי באַוויזן,

מיט אַ לאַנגער, ווייסער באָרד, מיט לאַנגע, ווייסע ברע-מען און מיט אויגן ליכטיקע, ווי שטערן.

ער איז צו זיי צוגעגאַנגען און געפרעגט:

— קינדערלעך, קינדערלעך! וואָס וויינט איר?

— ווי אַזוי זאָלן מיר ניט וויינען? אַלע קינדערלעך האָבן נייע שיכעלעך מיט נייע קליידעלעך אויף יום-טוב און מיר האָבן גאָרניט.

— שאַט, קינדערלעך! וויינט ניט. נאָט אייך בעסער שפּילעכלעך, צוויי גאָלדענע קייקעלעך.

און דער אַלטער איז פאַרשווונדן.

חנהלע מיט משהלען האָבן גענומען די קייקעלעך באַטראַכטן. האָבן זיך די קייקעלעך פון די הענט אַראָפּ-געגליטשט און קייקלען זיך אָנגעהויבן.

משהלע מיט חנהלען האָבן זיך געלאָזן נאָך די קיי-קעלעך לויפן.

די קייקעלעך קייקלען זיך באַרג אַרויף, משהלע מיט חנהלען לויפן באַרג אַרויף.

די קייקעלעך קייקלען זיך באַרג אַראָפּ, משהלע מיט חנהלען — באַרג אַראָפּ.

ביז די קייקעלעך האָבן זיך פאַרקייקלט אין אַ טיפן, טיפן וואַלד אַריין.

משהלע מיט חנהלען זענען שוין מיד, נאָר די קייקע-לעך קייקלען זיך ווייטער און ווייטער, און משהלע מיט חנהלען לויפן אַלץ ווייטער און ווייטער.

מיט אַ מאָל האָבן זיי פון ווייטן דערזען אַ שטיבעלע.

די קייקעלעך האָבן זיך אין שטיבעלע אַריינגעקייקלט, משהלע מיט חנהלען זײַנען נאָך זיי אין שטיבעלע אַריין.

האָבן זיי אין שטיבעלע דערזען:

צוויי גאָלדענע בעטעלעך, מיט רויטע, זײַדענע קי־שעלעך, מיט גאָלדענע פוס־בענקלעך. די קייקעלעך האָבן זיך אונטער די בעטעלעך אַרונטערגעקייקלט און זײַנען דאָרטן ליגן געבליבן.

משהלע מיט חנהלען האָבן זיך שלאָפן געלייגט אין די גאָלדענע בעטעלעך.

משהלע שלאָפט אין זײַן בעטעלע און אונטן ליגט זײַן גאָלדן קייקעלע.

חנהלע שלאָפט אין איר בעטעלע און אונטן ליגט איר גאָלדן קייקעלע.

גאַנץ פרי האָט זיך משהלע אויפגעכאַפּט און אין צי־מערל אַ קליין טירעלע דערזען. האָט ער חנהלען אויפ־געוועקט, צוזאַמען דאָס טירעלע געעפנט און אין אַ קליין שטיבעלע אַריינגעגאַנגען.

זעען זיי אויף אַ טישעלע אַ גאָלדן קליידעלע, גאָלדע־נע שיכעלעך, זײַדענע זעקעלעך און אַ רויט, זײַדן סטענ־געלע. און אויף דעם צווייטן טישעלע — רויטע, זײַדענע הייזעלעך מיט גאָלדענע קנעפּעלעך, גאָלדענע שיכע־לעך, אַ רויט, זײַדן היטעלע מיט אַ גאָלדן קוטאַסל.

משהלע מיט חנהלען האָבן די קליידעלעך אָנגעטאָן — פּונקט נאָך זייער מאָס. זיי האָבן די שיכעלעך אָנגע־טאָן — פּונקט גוט. האָבן זיי זיך שטאַרק דערפרייט, גע־

שפּרונגען און געטאַנצט, נאָר פּלוצים איז חנהלע טרויע-
ריק געוואָרן.

— ווי וועלן מיר אַהיים גיין? — פֿרעגט זי משהלען.

— שאַ, זאָרג ניט. כ׳וועל דאָס קייקעלע בעטן, וועט
דאָס אונדז אַהיים פֿירן.

משהלע איז צום קייקעלע צוגעגאַנגען און בעטן אָנ-
געהויבן:

קייקעלע, דו שיינס,
קייקעלע, דו קליינס,
פֿיר אונדז פֿונם וועלדעלע
צו טאַטע-מאַמעס שטיבעלע...

טור-טור-טור-טור — האָבן די קייקעלעך זיך קייקלען
אָנגעהויבן. משהלע מיט חנהלען זײַנען נאָך די קייקעלעך
נאָכגעלאָפֿן.

די קייקעלעך קייקלען זיך באַרג אַרויף — משהלע
מיט חנהלען לויפֿן באַרג אַרויף. די קייקעלעך קייקלען זיך
באַרג אַראָפּ, משהלע מיט חנהלען — באַרג אַראָפּ. ביז זיי
האָבן פֿון ווייטן זייער שטיבעלע דערזען.

זײַנען זיי מיט פֿרייד אין שטיבעלע אַרײַנגעלאָפֿן.

— טאַטע! מאַמע!

האָבן טאַטע-מאַמע זיי ניט דערקענט און געפֿרעגט:

— ווער איז דער פּרינץ מיט דער פּרינצעסין?

מאַמע, דו דערקענסט אונדז ניט? — האָבן די קינ-
דער אויסגעשריגן.

די מאַמע האָט זיי אין די אויגן אַריינגעקוקט און משה־
לען מיט חנהלען דערקענט.
די קינדערלעך האָבן דער מאַמען אַלץ דערציילט.
האָט זי זיך שטאַרק דערפרייט, זיי געקושט, גע־
האַלדזט, געאָרעמט, געטאַנצט.
זיי האָבן געטרונקען, געגעסן און אליהו הנביא ניט
פאַרגעסן.

# יענטעלע רויט־מענטעלע



אַ מאָל אַ מיידעלע, יענטעלע. האָט איר די באָבע אויף יום-טוב געשאָנקען אַ רויט מענטעלע. דאָס מענטעלע האָט איר זייער געפּאַסט. זי פלעגט עס תמיד טראָגן אין גאַס, און אַלע האָבן זי גערופן רויט-מענטעלע.

איין מאָל, פּורים, זאָגט צו איר די מאַמע:

— טו אָן דאָס רויטע מענטעלע, נעם אַ המן-טאַש, שטראָדל, אַ פּורים-קוילעטש, פלאָדן, און טראָג אַוועק דער באָבען שלח-מנות, זי זאָל האָבן צו פאַרבייסן נאָכן תענית. נאָר זע, זאַם זיך ניט לאַנג אין וואַלד. וואָלף איז היינט בייז, פוקסן זוכן קעז. גיי געזונט און קום געשווינד.

דאָס מיידעלע האָט אָנגעטאָן דאָס רויטע מענטעלע, גענומען אַ המן-טאַש, שטראָדל, אַ פּורים קוילעטש, פלאָדן, זיך געזעגנט מיט דער מאַמען און אַוועק צו דער באָבען. גייט זיך דאָס מיידעלע אין וואַלד און טראַכט אַליין: ווו זעט מען וואָלף וואָס איז בייז? און פוקס וואָס זוכט קעז?

און ווי זי טראַכט אַזוי, באַווייזט זיך פאַר איר אַ וואָלף.

— גוט-פּורים, מיידעלע! וווּ גייסטו עס אַזוי אין וואַלד!

— איך טראָג דער באָבען שלח-מנות, זי זאָל האָבן צו פאַרבייסן נאָכן תּענית. אָט איז אַ המן-טאַש, שטראָדל, אַ פּורים-קוילעטש, פלאָדן.

— ווייסטו וואָס, מיידעלע? — זאָגט דער וואָלף, — איכ׳ל לויפן דער באָבען די בשורה זאָגן, אַז דו קומסט איר שלח-מנות טראָגן.

וואָלף האָט זיך הענדום-פּענדום געלאָזט לויפן, דער באָבעס שטוב געטראָפן, און אין טירעלע אָנגעהויבן קלאַפּן:

טוק-טוק-טוק-טוק.

— באָבעניו, באָבעניו, עפן מיר אויף! דאָס בין איך רויט-מענטעלע, דיר געבראַכט שלח-מנות, זאָלסט האָבן צו פאַרבייסן נאָכן תּענית.

— גיב מיטן הענטעלע אַ צי דאָס שנירעלע, וועט זיך עפענען דאָס טירעלע.

וואָלף האָט אַ צי געטאָן דאָס שנירעלע, געעפנט דאָס טירעלע, אַריין אין שטיבעלע, צו באָבעס בעט צוגעלאָפן, און — האַם-האַם! האַם-האַם! די באָבעניו איינגעשלונגען.

דערנאָך אירע קליידער אָנגעטאָן און זיך צו איר אין בעט אַריינגעלייגט.

און רויט-מענטעלע איז געגאַנגען אין וועלדעלע, זיך געיאָגט נאָך אַ שפּעלע, זיך געהוידעט אויף אַ ברעטעלע,

און ערשט פֿאַרנאַכט צו באָבעס שטיבעלע געקומען.

טוק-טוק-טוק-טוק!

— באָבעשי, באָבעשי, עפֿן מיר אויף! דאָס בין איך, רויט-מענטעלע, דיר געבראַכט שלח-מנות, זאָלסט האָבן צו פֿאַרבייסן נאָכן תּענית. אָט איז אַ המן-טאַש, שטראָדל, אַ פּורים-קוילעטש, פֿלאָדן.

— גיב מיטן הענטעלע אַ ציִ דאָס שנירעלע, וועט זיך עפֿענען דאָס טירעלע, — זאָגט דער וואָלף.

דאָס מיידעלע האָט מיטן הענטעלע אַ ציִ געטאָן דאָס שנירעלע, געעפֿנט דאָס טירעלע, אין שטיבעלע אַריין, צו באָבעס בעט צוגעלאָפֿן און פֿאַרוווּנדערט שטיין גע-בליבן.

— באָבעשי, באָבעשי! וואָס האָסטו אַזעלכע לאַנגע פֿיס?

— איך זאָל בעסער לויפֿן, מיין פֿייגעלע.

— באָבעשי, באָבעשי! וואָס האָסטו אַזעלכע לאַנגע הענט?

— איך זאָל דיך בעסער אַרומנעמען, מיין אוצרל.

— באָבעשי, באָבעשי! וואָס האָסטו אַזעלכע ברענענ-דיקע אויגן?

— איך זאָל דיך בעסער זען, מיין גאָלד.

— באָבעשי, באָבעשי! וואָס האָסטו אַזעלכע שפּיצי-קע ציין?

— איך זאָל דיך אויפֿעסן.

וואָלף האָט ברייט דאָס מויל געעפנט און זיך אויפן מיידעלע געלאָזט.

האָט זי אַ גרויסן געשריי געטאָן. ניט ווייט איז יחיאל דער וואַסער-טרעגער געגאַנגען, איז ער אין שטיבעלע אַריין, דעם וואָלפס בויך צעגומען און די באָבע, אַ פרישע, אַ לעבעדיקע, אַרויסגענומען.

האָבן זיי זיך שטאַרק געפרייט, אין ראָד געדרייט, אַ פּורים-קוילעטש אין דער לענג, אַ המן-טאַש אין דער ברייט, — און ס׳איז גרויס געווען די פרייד.

אַ שפּרונג און אַ לאָף
צו דער מעשה אַ סוף.

# מייזעלע גנב




זיידע אַבא און די באָבע דאָבע, אַז זיי זיינען געוואָרן אַלט, זיינען זיי אַוועקגעגאַנגען אין וואַלד. אַזוי ווי זיי גייען, האָבן זיי פּלוצלונג אַ הייזל דערזען. קומען זיי אַריין אין הייזל, לויפט זיי אַנטקעגן אַ קליין מייזל און זאָגט אַזוי: אוי, אוי, אוי, וואָס דאַרפט איר דאָ האָבן? גייט אייך, קיינער איז ניטאָ אַ חוץ איך מייזל אין קליינעם הייזל.

זאָגט דער זיידע: — גוט, אַז קיינער איז ניטאָ וועלן מיר טאַקע בלייבן דאָ, און דו קליין מייזל, דאַרפסט האָבן אַזאַ גרויס הייזל? ס'קען זיך דיר ניט לוינען, אַז דו זאָלסט אין אַ לעכל וווינען? לאָזט אַראָפּ דאָס מייזל זיין עק, ווערט ברוגז און גייט אַוועק. איז די באָבע מיטן זיידן אין הייזל געזעסן און אָן מייזל פאַרגעסן. אָבער דאָס מייזל האָט ניט געשוויגן, ס'איז אין לעכל געלעגן און געטראַכט: ווען ס'וועט ווערן נאַכט, וועט עס אַ סך שאָדן אָנמאַכן, מ'וועט שוין וויסן ווי פון אַ מייזל צו לאַכן.

איז די נאַכט געקומען, אַ ווינט אין דרויסן האָט אָנגעהויבן צו ברומען. דער זיידע מיט דער באָבען האָבן

געבראָפּעט און אין דרויסן האָט אַ רעגנדל געקאָפּעט. איז דאָס מייזל שטיל אַרויס פונם לעכל, זיך אַריינגעגנבעט אין קיכל. אין די טעפּלעך געשמעקט, אַלצדינג אַרומגע-לעקט, ביז ס'האָט אַ שטיקל צוקער אָנגעטראָפן, האָט עס צוגעגנבעט און אַנטלאָפן.

גאַנץ פרי גייט די באָבע אַריין אין קיך און רעדט אַליין אַזוי צו זיך: — אָט וועל איך דעם זיידן אָפּקאָכן קאַ-פע, וועל נעמען דאָס שטיקל צוקער פון דער שאַפע, וועט ער זיידע טרינקען און זיין פריילעך, און וועט שיינען ווי אַ מלך. שוין אויפגעזאָטן די קאַווע, גייט די באָבע צו דער שאַפע, זוכט איין שעה, זוכט צוויי שעה, דער צוקער איז גאָר נישטאָ. דערווייל קומט אַריין דער זיידע אַבא און זאָגט: — באָבע דאָבע, דאָבע, אַ גוט מאָרגן, וואָס האַלטסטו זיך אין איין זאָרגן?

— אוי, וויי, זיידע אַבא! — זאָגט די באָבע דאָבע. — עמי-צער איז ביינאַכט געקומען און דעם צוקער צוגענומען.

זאָגט דער זיידע: — ניט וויין, איך וועל שוין דעם גנב כאַפּן און אים נאָך גוט אָנקלאַפּן, וועט ער שוין וויסן ווי אַ גנב צו זיין און קריכן צו יענעם אין שאַפע אַריין.

דערווייל עפנט זיך די טיר, קומט דאָס קעצל און זאָגט: — זיידע, אַ גוט מאָרגן דיר!

פרעגט דער זיידע: — קעצל דו קליינס, קעצל דו שיינס, וואָס ביסטו עפּעס געקומען צו אונדז צו גיין?

זאָגט דאָס קעצל: — ווייל איך וויל ביי אייך שטיין.

זאָגט דער זיידע: — ווען דאָך אומעטום נאַשן?

מאַכט דאָס קעצל: — פֿאַרקערט, איך וועל אַלע טעפּ-לעך וואַשן.

— גוט, — זאָגט דער זיידע.

איז דאָס קעצל געבליבן אין הייזל שטיין און האָט אָנ-געהויבן זיך אַרומדרייען.

דערווייל איז געוואָרן נאַכט, האָט זיך דאָס קעצל פֿאַר-טראַכט, ווייל אין לעכל האָט זיך עמיצער צעלאַכט. דאָס האָט זיך דאָס מייזל אָנגעהויבן צו פֿרייען, ווייל יעדער שלאָפֿט, — קען עס שוין אין קיך ווייטער גיין. גייט דאָס מייזל איבערן הייזל, קוקט זיך אום, אַרום און אַרום. טראַכט דאָס מייזל: קיינער ניטאָ, וועט טאַקע זיין אַ גוטע שעה. וועל איך ווייטער אין דער שאַפֿע עפּעס דערטאַפּן, דאָס גיך אַוועקכאַפּן. איך וועל אין לעכל אַריין, וועט אַזוי ווויל צו מיר זיין. פּלוצלונג, וויי! וויי! גיט דאָס מייזל אַ גע-שריי. עמיצער האָט עס געגעבן אַ כאַפּ און דערנאָך אַ קלאַפּ. איינס און צוויי, דריי און פֿיר, מיזל-מייזל, אַז וויי איז צו דיר. דאָס קעצל פּאַטשט און שלאָגט און דאָס מייזל וויינט און וויינט.

# אַ מעשה פון אַן אָרעמען און אַ רייכן ברודער



זענען געווען צוויי ברידער, איינער אַן אָרעמער און איי־
נער אַ רייכער.

דער רייכער פלעגט קיין מאָל נישט וועלן וויסן פון דעם אָרעמען ברודער, ער פלעגט אים קיין מאָל נישט וועלן העלפן. און אַזוי ווי דער אָרעמער האָט נישט געהאַט פון וואָס צו לעבן, פלעגט ער גיין אין וואַלד אַריין האַקן האָלץ. פלעגט אָנהאַקן אַ בינטל האָלץ. פלעגט ער עס טראָגן אין מאַרק אַריין פאַרקויפן, און דערפון האָט ער מפרנס געווען ווייב און קינדער.

איין מאָל אַזוי ווי ער איז געשטאַנען אין וואַלד און האָט געהאַקט דאָס האָלץ, האָט ער דערהערט אַ גרויס געזאַנג. האָט ער זיך פאַרחידושט און דערשראָקן. האָט ער זיך געקלערט, ער וועט אַרויפקריכן אויף אַ בוים, וועט ער זען, ווער עס זינגט דאָס? איז ער אַרויפגעקראָכן אויף אַ בוים, און אַזוי ווי ער איז שוין געווען אויפן בוים, האָט

ער געזען ווי ס'איז אָנגעקומען אַ מחנה גזלנים, מיט פולע זעק אויף די פּלייצעס און האָבן געזונגען. און ער האָט געזען ווי זיי זיינען צוגעקומען צו אַן אָרט, האָט זיך געעפנט אַ טירעלע, זיינען זיי אַריינגעגאַנגען. און ס'האָט געדויערט אַ שטיקל צייט, זיינען זיי אַרויסגעקומען צוריק מיט ליידיקע זעק און האָבן ווייטער געזונגען און זיינען אַוועקגעגאַנגען.

דעם אַנדערן טאָג איז ער ווייטער געגאַנגען אין וואַלד אַריין האַקן האָלץ, האָט ער ווידער געזען די גזלנים און ער האָט ווידער געהערט דאָס געזאַנג. האָט ער זיך געקלערט, ער וועט זיך זעצן אויף דעם בוים נעענטער, וועט ער זיי קענען בעסער אָנקוקן. האָט ער זיך געזעצט נעענטער, האָט ער געזען ווי ס'זיינען אָנגעקומען די זעלביקע גזלנים, וואָס נעכטן, און אַז זיי זיינען צוגעקומען צום אָרט, האָט ער געהערט, ווי זיי האָבן געזאָגט:

„טירעלע, טירעלע, עפן זיך!"

האָט זיך דאָס טירעלע געעפנט. און ווען זיי זיינען אַריינגעגאַנגען, האָט ער זיי איבערגעציילט, זיינען זיי געווען צוועלף גזלנים. האָט ער ווייטער אויסגעוואַרט אַ שטיקל צייט, זיינען זיי ווידער אַרויסגעקומען מיט ליידיקע זעק און האָבן געזאָגט:

„טירעלע, טירעלע, פאַרמאַך זיך!"

האָט זיך עס פאַרמאַכט, האָבן זיי ווייטער געזונגען און זיינען אַוועקגעגאַנגען.

אויפן דריטן טאָג איז ער ווייטער געקומען אין וואַלד

אַריין און איז אַרויפגעקראָכן אויפן בוים, האָט ער ווידער געזען, ווי די צוועלף גזלנים זיינען אָנגעקומען צום אָרט און האָבן געזאָגט:

„טירעלע, טירעלע, עפן זיך!״

האָט זיך דאָס טירעלע גלייך געעפנט, זיינען זיי אַריינגעגאַנגען און ער האָט זיי איבערגעציילט זיינען זיי געווען צוועלף. און ווען זיי זיינען אַרויסגעקומען, האָט ער זיי נאָך אַ מאָל איבערגעציילט, האָט ער געזען, אַז ס'זיינען דאָ צוועלף און זיי האָבן געזאָגט צום טירעלע:

„טירעלע, טירעלע, פאַרמאַך זיך!״

האָט זיך עס פאַרמאַכט. האָבן זיי ווייטער געזונגען און זיינען אַוועקגעגאַנגען. און אַז זיי זיינען אַוועק, און ער האָט שוין געהערט דאָס געזאַנג ווייט, ווייט אַוועק, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז זיי זיינען שוין זייער ווייט, איז ער אַראָפּגעקראָכן פון בוים און איז צוגעגאַנגען צום טירעלע, און האָט געזאָגט:

„טירעלע, טירעלע, עפן זיך!״

האָט זיך דאָס טירעלע געעפנט. איז ער אַריינגעקומען אין אַ טיפער הייל, און ער האָט דערזען פאַר זיך אוצרות מיט גאָלד און מיט זילבער, מיט פערל און מיט בריליאַנטן און אַ סך אַ סך גאָלדענע רענדלעך. האָט ער זיך געקלערט: „וואָס טוט מען?״ דערווייל האָט ער דערזען, אַז סע ליגט אַ זעקל. האָט ער גענומען דאָס זעקל און האָט עס אָנגעשטאָפּט מיט גאָלדענע רענדלעך, און האָט

גענומען דאָס זעקל אויף די פּלייצעס און האָט געזאָגט:
„טירעלע, טירעלע, עפן זיך!"

האָט זיך עס געעפנט. איז ער אַרויסגעגאַנגען און איז אַוועק אַהיים.

אַז ער איז געקומען אַהיים, האָט ער אויסגעשיט דאָס זעקל מיט די רענדלעך אין מיטן שטוב, איז אין שטוב געוואָרן ליכטיק פון די רענדלעך, וואָס ער האָט אויסגעשיט. האָט זיך דאָס ווייב מיט די קינדער דערפרייט. ער האָט אָבער געוואָלט וויסן וויפל רענדלעך ער האָט דאָ, ס'איז געווען אַזוי פיל, אַז ער האָט עס נישט געקענט איבערציילן, און אַ קוואָרט מיט וואָס איבערצומעסטן האָט ער אויך נישט געהאַט. זאָגט דאָס ווייב צו אים: „ווייסטו וואָס? לאָמיר אַריינשיקן צו דיין רייכן ברודער און לייען אַ קוואָרט, וועלן מיר האָבן מיט וואָס איבערצומעסטן". האָבן זיי אַריינגעשיקט דאָס עלטערע ייִנגל צום רייכן ברודער צו לייען אַ קוואָרט. האָט זיך דעם רייכן ברודערס ווייב געקלערט: „וואָס האָט דאַרט דער קבצן צו מעסטן מיט אַ קוואָרט?" קלערט זי זיך, זי וועט אָנקלעפּן אַ שטיקל קליי צום דעק פון דער קוואָרט, איז וואָס דער אָרעמער ברודער וועט מעסטן, וועט זיך עפּעס צוקלעפּן צום דעק, וועט זי וויסן וואָס ער האָט געמאָסטן. איז טאַקע אַזוי געווען. ווייל ווען מען האָט איר אָפּגעבראַכט צוריק די קוואָרט, זי טוט אַ קוק, דריי רענדלעך זיינען צוגעקלעפּט צום דעק! האָט זי זיך גאָרנישט געמאַכט ווייסנדיק און האָט גענומען די רענדלעך.

אויפֿן אַנדערן טאָג איז דער אָרעמער ברודער ווידער געגאַנגען אין וואַלד אַריין, האָט ער דאָרט אויסגעוואַרט ביז די גזלנים זיינען אַוועקגעגאַנגען, און אַז זיי זיינען שוין געווען ווייט, ווייט אַוועק, איז ער צוגעקומען צום הייל און האָט געזאָגט:

„טירעלע, טירעלע, עפֿן זיך!"

האָט זיך עס געעפֿנט. איז ער אַריינגעגאַנגען אין דער הייל און האָט זיך ווידער אָנגעשטאָפּט אַ פֿולן זאַק מיט רענדלעך און האָט געזאָגט צום טירעלע:

„טירעלע, טירעלע, פֿאַרמאַך זיך!"

און איז אַוועק אַהיים. האָט ער אויסגעשיט די רענד-לעך אין מיטן שטוב, און האָט געוואָלט וויסן, וויפֿל ס'איז דאָ. האָבן זיי ווידער אַריינגעשיקט צום רייכן ברודער לייען די קוואָרט. האָט מען זיי געליען די קוואָרט און ער האָט איבערגעמאָסטן די רענדלעך און אַז מען האָט אָפּ-געבראַכט די קוואָרט צום רייכן ברודער, האָט זיין ווייב ווידער געפֿונען צוגעקלעפּט צום דעק עטלעכע רענד-לעך. און אויפֿן דריטן טאָג איז ווידער די אייגענע מעשה, אַז מען האָט איר אָפּגעבראַכט די קוואָרט, האָט זי ווידער געפֿונען צוגעקלעפּט רענדלעך צום דעק. זאָגט זי צו איר מאַן, דעם רייכן ברודער: „גיב אַ קוק! פֿון וואַנען נעמט דיין אָרעמער ברודער אַזוי פֿיל רענדלעך? גיי און קוק אים נאָך און זע, פֿון וואַנען ער נעמט זיי". אַ כּלל, זי איז

אים אַזוי דערגאַנגען די יאָרן, ביז וואַנען ער איז נאָכגע-גאַנגען דעם ברודער אין וואַלד אַריין און האָט געזען, וואָס דער אָרעמער ברודער טוט.

דעם אַנדערן טאָג איז ער אַוועקגעגאַנגען אַליין אין וואַלד אַריין. אָבער דערווייל האָבן די גזלנים געזען, אַז עס פעלט זיי גאָר אַ סך רענדלעך, האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז עמעצער קומט אַריין און נעמט זיי צו. האָבן זיי געגומען און האָבן איבערגעלאָזט איינעם פון זיי אין דער הייל, ער זאָל זען, ווער עס נעמט ביי זיי צו די רענדלעך. איז איי-נער געבליבן און עלף זיינען אַוועקגעגאַנגען. און ווען דער רייכער ברודער איז אַריינגעקומען אין הייל אַריין נעמען רענדלעך, האָט אים דער איבערגעבליבענער גזלן באַלד געכאַפט און האָט אים אַראָפּגעהאַקט דעם קאָפּ און אַריינגעלייגט אין אַ זאַק. דערנאָך האָט ער אים צוגעטראָ-גן צו זיין שטוב, און האָט אים אַוועקגעלייגט אין דרויסן פאַר דער טיר. שפּעטער, אַז דעם רייכן ברודערס ווייב איז אַרויסגעקומען פון שטוב און האָט געזען דעם זאַק שטיין פאַר דער טיר, האָט זי געמיינט, אַז ס'איז אַ זאַק מיט רענדלעך, האָט זי אים אַריינגענומען אין שטוב אַריין. און אַז זי האָט אים אויפגעעפנט, איז איר געוואָרן פינצ-טער אין די אויגן, איז זי אַוועק צום אָרעמען ברודער מיט אַ גרויס געוויין. האָט ער געזאָגט, אַז דאָס איז דערפאַר, וואָס ער האָט זיך נישט באַגנוגנט מיט זיין רייכקייט וויפל ער האָט געהאַט, איז אים געוועז ווייניק, דערפאַר האָט אים גאָט געשטראָפט.

און ער, דער אָרעמער ברודער, איז געוואָרן אַלץ רייכער און רייכער.

זיי איז גוט,
און אונדז איז נאָך בעסער!
זיי עסן איינגעמאַכטס מיטן פולן לעפל,
און מיר אויפן שפיץ מעסער.

# אַ מעשה פון אַ נאַר




איז געווען אַ קייסער, האָט ער געהאַט צוויי זין, איינעם א נאַר און איינעם א קלוגן. איינמאָל האָט דער קייסער פאררופן זיינע זין צו זיך און האָט צו זיי אזוי גע-זאָגט: „הערט זיך איין, מיינע ליבע קינדער, שוין צייט איר זאָלט זיך לערנען עפּעס אָן ארבעט אָדער א חכמה. ארומצוגיין ליידיק איז קיין תכלית נישט. זאָגט-זשע מיר, ליבע קינדער, וואָס ווילט איר טאָן?״

— „איך וויל גיין לערנען אַלע חכמות אויף דער וועלט״, האָט דער קלוגער גלייך געענטפערט. „און דו?״ פרעגט דער קייסער-דעם נאַר.

— „און איך״, זאָגט דער נאַר, „וויל בעסער גיין צום טייך, וואשן גרעט״.

— „גאַנץ גוט!״ זאָגט דער קייסער, „וואשן גרעט איז אויך אַן ארבעט״. און ער האָט זיי געגעבן געלט און יע-דער איז זיך אַוועק זיין וועג: דער קלוגער לערנען און דער נאַר — וואשן גרעט.

איין מאָל שטייט זיך אַזוי דער נאַר ביים טייך און

וואַשט זיין גרעט. וואַשט ער, וואַשט ער, וואַשט ער. פּלוצלונג איז אים אוועקגעשווומען א זאַק און נישטאָ! לויפט ער אים זוכן אויף דער אַנדערער זייט טייך. לויפט ער, באַגעגנט ער אַ בריוו-טרעגער, זאָגט ער צו אים „הער נאַר, דו האָסט נישט באַגעגנט מיין זאַק?" דער בריוו-טרעגער האָט נישט געוווסט, אז דאָס איז דעם קיי-סערס זון, האָט אים פּאַרדראָסן די מעשה. טראַכט ער נים קיין סך, און לאָזט אים אַראָפּ אַזאַ פּאַטש אין באַק, אַז זי איז אים געשוואָלן געוואָרן ווי א קיילעכדיק אויפ-געבלאָזן זעמעלע. לויפט דער נאַר אהיים צום קייסער מיט א געוויין:

„טאַטע, כ'האָב געוואשן גרעט ביים טייך, איז מיר אוועקגעשווומען א זאַק. פרעג איך ביים בריוו-טרעגער צי ער האָט נישט באַגעגנט מיין זאַק, נעמט ער און מאַכט מיר אַזאַ געשוואָלענע באַק!" טראַכט זיך דער קייסער: אַ נאַר איז אַ צער אָבער שכל דאַרף מען אים לערנען, זאָגט ער צו אים:

— „נאָך א מאָל, מיין זון, אז דו וועסט טרעפן א מענ-טשן זאָלסטו אַפריער אַראָפּנעמען דאָס היטל און זאָגן: „גוט מאָרגן! אפשר האָט איר געזען מיין זאַק?"

— „גוט", זאָגט דער נאַר, נאָך א מאָל וועל איך טאַקע אַזוי טאָן" און ער גייט זיך אַוועק ווייטער.

גייט ער, גייט ער, דערזעט ער אין א שטוב איז א חתו-נה, לויפט ער אַריין אויף דער חתונה, כאַפּט אַראָפּ דאָס היטל פון קאָפּ און זאָגט צום חתן:

„גוט מאָרגן, אפשר האָט איר געזען מיין זאַק?“ דער חתן מיט די מחותנים קוקן אים אָן ווי משוגע: נעמען זיי און ברעכן אים גוט אָן די ביינער און ווארפן אים ארויס פון שטוב. לויפט ער ווידער אהיים צום קייסער מיט א געוויין:

„טאַטע, כ׳בין געווען אויף א חתונה, האָב איך געזאָגט: גוט מאָרגן, אפשר האָט איר געזען מיין זאַק? האָבן זיי מיך אַזוי צעהרגעט!“ טראַכט זיך דער קייסער: אַ נאַר איז א צער, אָבער שכל דארף מען אים לערנען“. זאָגט ער צו אים:

— „נאָך א מאָל, מיין זון, אַז דו וועסט קומען אויף א חתונה, זאָלסטו ארייננווארפן א קאָפּיקע אין טעלער און גיין טאנצן מיט אַלעמען צוגלייך“. — „גוט“, זאָגט דער נאַר, נאָך אַ מאָל וועל איך טאַקע אַזוי טאָן“. און ער גייט זיך ווייטער אַוועק.

גייט ער, גייט ער, דערזעט ער א הויז ברענט, ס׳איז א גרויסע שרפה. לויפט ער אריין אין דער ברענענדיקער הויז ווארפט אריין א קאָפּיקע אין א טעלער און גייט טאַנ-צן. אז די פייער-לעשערס האָבן דאָס דערזען, האָבן זיי זיך פונאַנדערגעלאכט און האָבן אים אָפּגעפּליוכעט פון קאָפּ ביז פיס. לויפט ער שוין ווידער אהיים צום קייסער מיט א קלאָג:

— „טאַטע, כ׳האָב געזען א הויז ברענט, בין איך אריינגעלאָפן אינעווייניק, האָב אריינגעוואָרפן א קאָפּיקע

אין א טעלער און געגאנגען טאנצן, האָבן מיר די פייער-
לעשערס געמאכט אַזאַ קאַלטע באָד!" האָט דאָס שוין
דעם קייסער פאַרדראָסן. זאָגט ער צו אים.

— רעכט אויף דיר, נאָך א מאָל זאָלסטו נישט זיין קיין
נאר! אז מען זעט עס ברענט, נעמט מען אן עמער וואַ-
סער און מען לעשט". „גוט, זאָגט דער נאר, „נאָך א מאָל
וועל איך טאקע אזוי טאָן". און ער גייט זיך ווייטער אוועק.

אויף מאָרגן אין דער פרי, נאָך דער קאַלטער באָד, גייט
זיך אזוי דער נאר אויף דער גאס, דערזעט ער, א יידענע
טראָגט א קאָשיק מיט הייסינקע זעמעלעך און עס גייט
אַ פּאַרע.

מיינט ער, עס ברענט. כאפּט ער אן עמער וואסער און
הייבט אָן לעשן די זעמעלעך. האָט אים די יידענע גוט אָנ-
געפּאטשט דערפאר און אראָפּגעכאפּט ביי אים דאָס
היטל. לויפט ער אהיים צום קייסער אָן א היטל:

— „טאַטע, כ'האָב געזען א יידענע מיט זעמעלעך און
ס'איז געגאנגען א פּארע, האָב איך גענומען אן עמער
וואסער און געלאָשן, האָט זי מיר אָנגעפּאטשט און
אראָפּגעכאפּט מיין היטל!" איז שוין דער קייסער געוואָרן
אין כעס, האָט ער גענומען שרייען אויף אים:

— „דו נאר! אז מען זעט אן אָרעמע יידענע מיט זעמע-
לעך, קויפט מען פאר א קאָפּיקע א זעמעלע". — „גוט",
זאָגט דער נאר, „נאָך א מאָל וועל איך טאקע אזוי טאָן".
און ער גייט זיך ווייטער אוועק.

גייט ער, גייט ער, דערזעט ער ווי א מיסט-פירער גראבלט זיך עפּעס אין שמוץ, זאָגט ער צו אים: „פאַר-קויף מיר פאר א קאָפּיקע!" — „אָך, מיט דעם גרעסטן פארגעניגן", זאָגט דער מיסט-פירער, „פאר א קאָפּיקע קען איך דיר פארקויפן א פולן וואָגן". לויפט שוין דער נאר אַהיים צום קייסער מיט א שמחה: „טאַטע, כ'האָב גע-כאפּט א מציאה!" און ער דערציילט אים וואָס דער מיסט פירער האָט געזאָגט. אז דער קייסער האָט דאָס דער-הערט, איז ער שוין אויף אן אמת אין כעס געוואָרן און האָט דעם נאר ארויסגעטריבן פון שטוב.

א פלעקל אריין,
א פלעקל ארויס —
די מעשה איז אויס!
א פלעקל אַרויס,
א פלעקל אריין —
די מעשה איז גאָר פיין!

# א ליגן־מעשהלע



זיינען געווען דריי ברידער, צוויי בלינדע און איינער האָט גלאַט נישט געזען. זיינען זיי געגאַנגען און געגאַנגען ביז זיי זיינען פאַרקראָכן אין א שיטער־געדיכטן וואַלד אריין, אזוי אז פון איין בוים צום אנדערן איז געווען א האַלבער מייל ווייט. גייענדיק אזוי אין וואַלד זיינען זיי הונגעריק געוואָרן, האָבן זיי פּלוצים דערזען דריי קאַטשקעס: צוויי ווייסע און איינע א קלאָרע, האָבן זיי געוואָלט צוגיין כאַפּן, זיינען די קאַטשקעס אַנטלאָפן. זיינען זיי ווייטער געגאַנגען, האָבן זיי דערהערט, ווי אויף א בוים זינגען געבראָטענע פייגל, האָבן זיי באַשלאָסן ארויפצוגיין אויפן בוים און אראָפּנעמען די פייגל.

איז איינער ארויפגעגאַנגען און האָט זיך אָנגעגעסן מיט די געבראָטענע פייגל, און אז ער האָט געוואָלט ארונטערגיין, האָט ער געזען, אז ער איז צוגעוואַקסן צום בוים. האָט ער געקלערט ווי אזוי זאָל ער ארונטערגיין? האָט ער פון דער ווייטנס דערהערט ווי א האָלצהעקער האַקט האָלץ אין וואַלד, איז ער צוגעגאַנגען צום האָלצהע-

קער און האָט אים געבעטן ער זאָל אים באָרגן די האַק, כדי ער זאָל זיך אָפּהאַקן פון בוים. האָט אים דער האָלצ-העקער אויסגעבאָרגט די האַק, און אַזוי ווי ער האָט גע-געבן דעם ערשטן האַק, האָט די האַק געהאַט ניין העקע-לעך און איין האַק-הענטל. האָט ער זיך זייער דערשראָקן, האָט ער די ניין העקעלעך מיטן האַק-הענטל אַראָפּגע-טראָגן צום גוי. האָט זיך דער גוי זייער דערפרייט דערמיט און האָט געזאָגט: „אַ מאָדנע זאַך", זינט די האַק האָט גע-האַט העקעלעך, האָט זי נאָך קיינמאָל נישט געהאַט קיין האַק-הענטלעך". פאַר גרויס פרייד האָט אים דער גוי דער-פאַר געגעבן אַ מתנה אַ העקל מיט אַ האַק-הענטל. האָט ער זיך גענומען דאָס העקל און האָט זיך דאָס אַריינגע-שטעקט אין רימען אויף דער פּלייצע און איז אוועקגעגאַנ-גען. גייענדיק אַזוי האָט ער געדאַרפט אַריבערשפּרינגען איבער אַ גראָבן, און ווען ער האָט געגעבן אַ שפּרונג אַריבער איבערן גראָבן, האָט אים אַ פערד געגעבן אַ קאָפּ אויף און ס'האָט מיט אים אָנגעהויבן צו לויפן. און אַזוי לויפנדיק האָט די האַק אַזוי לאַנג געהאַקט דעם פערד אויף דער פּלייצע, ביז ס'האָט עס איבערגעהאַקט אויף צוויי. און אַז ער האָט זיך געגעבן אַ קוק אום, האָט ער דער-זען ווי דער הינטערשטער טייל פונם פערד שטייט און פּאַשעט זיך און ער רייט בלויז אויפן פאָדערשטן טייל. איז ער צוריקגעריטן און האָט אויסגעהאַקט אַ יונגע ווער-בע און האָט אַריינגעשטעקט די ווערבע אין הינטערשטן

און אין פּאָדערשטן טייל פונם פערד און אז ער האָט פאַרריכט דאָס פערד, איז ער ווייטער געריטן.

ס׳איז געווען אין חודש מאַי, האָט די ווערבע זיך צעבליט און ס׳איז אויסגעוואָקסן דערפון א בוים ביז אין הימל אַריין. האָט ער דערהערט, אז אויפן הימל איז א יריד. האָט ער זיך געקלערט: „מ׳דאַרף ארויפגיין זען, וואָס סע טוט זיך עפּעס אויפן הימל״. אָבער ווען ער איז ארויפגעקומען אויפן הימל, האָט ער דערזען, אז ס׳איז שאַ שטיל, א פוסטער חלום. האָט ער זיך אָנגעהויבן ארומצודרייען אויפן הימל ביז ער איז הונגעריק געוואָרן. איז ער ארוםגעגאַנגען זוכן, ווו מען קריגט עפּעס צו עסן. האָט ער דערזען עס שטייט אַ קעסל מיט קאַשע, האָט ער זיך אָנגעגעסן. און אז ער איז פּאַרטיק געוואָרן מיטן עסן, איז ער געגאַנגען ווייטער, האָט ער דערזען, אַז עס שטייט אַ קעסל מיט מילך. האָט ער זיך געקלערט: „אָ, ווען איך זאָל אָבער געווען האָבן די מילך פריער, וואָלט איך דאָך געווען געהאַט קאַשע מיט מילך!״ און אז ער איז זאַט געוואָרן פון דער קאַשע מיט מילך, האָט ער זיך אָנגעהויבן ארומצודרייען איבערן הימל ביז ס׳איז אים שטאַרק לאַנגווייליק געוואָרן. האָט ער זיך געקלערט: „אָ, ווען איך קריג נאָך עפּעס אַן ארבעט אויפן הימל, וואָלט שוין געווען גאָר גוט!״ און אזוי שפּאַצירנדיק האָט ער באַגעגנט א ייד, זאָגט ער צו אים: „אָ, שלום-עליכם, רב ייד! וואָס מאַכט איר עפּעס? וואָס טוט א ייד? צי האָט איר פּרנסה״?

האָט אים דער ייד דערציילט, אַז ער איז דאָ אַ גיהנום-שמש און אַז ער קען אים אויך געבן אַן ארבעט, ער וועט אים מאַכן פאַר אַן אויפזעער איבערן גיהנום. זאָגט ער: „גוט!" האָט אים דער גיהנום-שמש גענומען און אוועקגעפירט אין גיהנום אַריין און האָט אים אָנגעזאָגט: „נאַ, אָט, האָסטו דיין אַרבעט! נאַ דיר האָלץ און סמאָלע, די נגידים זאָלסטו געבן אַ סך האָלץ און סמאָלע און די קבצנים ווייניקער!" אַז דער גיהנום-שמש איז אוועקגעגאַנגען, האָט ער זיך געקלערט: „הער נאָר אַ חכמה פון גיהנום-שמש! די נגידים, וואָס אויף יענער וועלט איז זיי וואַרעם געווען דאָס גאַנצע לעבן, הייסט ער דאָ אויך געבן אַ סך האָלץ, און די קבצנים, וואָס האָבן געפרוירן אויף יענער וועלט, הייסט ער געבן ווייניק האָלץ? ניין, כ'וועל בעסער טאָן פאַרקערט, און ער האָט אַזוי געטאָן. אָבער אַז דער גיהנום-שמש איז צוריקגעקומען און האָט דאָס דערזען, האָט ער געמאַכט אַ גוואַלד און האָט אים אָפּגעזאָגט פון דער ארבעט.

איז ער צוריק אוועק אין די הימלען און האָט זיך אָנגעהויבן אַרומצודרייען ביז ס'איז אים געוואָרן שטאַרק לאַנגווייליק און ער האָט זיך פאַרבענקט צוריק אויף דער וועלט אַראָפּ. אָבער וואָס טוט מען דאָ? ווי אַזוי גייט מען צוריק אַרונטער? איז אָבער זיין גליק געווען, וואָס ס'איז געווען ווינטער, האָט ער געגעבן אַ שפּיי אַרונטער פונעם הימל איז דער שפּיי גלייך אַראָפּ ביזן קוימען פונעם באָד

און איז פאַרפרוירן געוואָרן און ס׳איז געוואָרן דערפון אַ שטעקן. האָט ער זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם שטעקן און האָט זיך אַזוי אַרונטערגעגליטשט פונם הימל גלייך אין באָד אַריין.

# רב עזריאל מיטו בער

געווען אמאָל א ייד א גוטער און פרומער, און מען האָט אים גערופן רב עזריאל דער שבת-היטער, ווייל אלע מאָל ווי נאָר עס פלעגט קומען פרייטיק בייטאָג, פלעגט ער אוועקוואַרפן אלע זיינע ארבעטן, פלעגט זיך וואשן און אויספוצן שבתדיק, פלעגט זיך נעמען צום דאוונען און צום לערנען, צו זאָגן און זינגען שבתדיקע זמירות-געזאנגען. און אזוי פלעגט ער זיך פירן א גאנצן שבת ביז שבת צו נאכט.

— מאַכט זיך איין מאָל — רב עזריאל דאַרף זיך לאָזן אין א ווייטן וועג אריין. און קיין באנען זיינען נישט געווען און קיין אויטאָמאָבילן זיינען נישט געווען, — פלעגט מען פאָרן מיט פערד און וועגענער. שפּאנט רב עזריאל איין זיין פערד אין וואָגן, לייגט אָן א פולן וואָגן מיט היי און שטרוי, מיט עסן און טרינקען אויף א גאנצע וואָך, און ער זאָגט אָן אין שטוב, אז מיט גאָטס הילף וועט ער פונקט פרייטיק זיין צוריק.

פאָרט רב עזריאל אָפּ א טאָג מיט א נאַכט, טוט אָפּ אַלע זיינע געשעפטן און ער לאָזט זיך פאָרן צוריק אהיים. פאָרט מען גיך, מען איילט זיך אהיים אויף שבת. ציט זיך דער וועג דורך א וואלד. פאָרט מען און מען פאָרט און נישטאָ קיין סוף פון וואלד. דאָ האָט געדאַרפט זיין אַ קרעטשמע פאַר דורכפאָרער, און מען זעט זי נישט. דאָרטן האָט געדאַרפט זיין א שטעטל מיט יידן

און נישטאָ; א דערפל מיט גויים — און אויך נישטאָ. פארשטייט שוין רב עזריאל אז ער האָט דעם וועג פאר־לאָרן און ער בלאָנדזשעט וואלד איין און וואלד אויס, און ער ווייסט נישט ווו ער איז. בעט ער נאָר איין זאך ביי גאָט — ער זאָל קומען אויף שבת אהיים צו זיין ווייב און צו זיינע קינדער. און אָט איז שוין אַריבער נאָך א טאָג מיט א נאכט, — און צום לאנגן וועג נעמט אַלץ קיין סוף נישט. און אָט איז שוין פרייטיק, און רב עזריאל שלעפט זיך נאָך אלץ מיט זיין פארמאטערט פערדל דורך דעם גרויסן און געדיכטן וואלד אָן א סוף און אָן א ברעג. ער גיט א קוק אויפן הימל — עס איז שוין האַל־בער טאָג — די זון שטייט אים אין מיטן הימל און שיינט דורך די געדיכטע צווייגן פון דיביימער.

— פארפאלן. — טראכט ער זיך — גאָט האָט נישט געוואָלט מיך ברענגען אהיים אויף שבת, וועל איך דאָ אין מיטן וואלד שבת האַלטן. שפאנט ער אויס דאָס פערד און בינדט עס צו צו אַ בוים ער זאָל זיך אויסרוען פאַרן שבת און עסן דאָס פרישע גרינע גראָז וואָס שמעקט אַזוי געשמאק לכבוד שבת. זיין גאָלד מיטן זילבער האָט ער באהאלטן אין דער ערד אונטער א שטיין, און אליין געפינט ער א קליין ריטשקעלע מיט קלאָרן וואסער, וואשט ער די הענט, זעצט זיך אויף א שטיין און ער נעמט זיך לערנען פון א ספר וואָס ער האָט געהאַט מיט זיך. לערנט ער אזוי און ער פארגעסט גאָר אז ער איז נישט אין דער היים, נאָר אין מיטן פון

א וואַלד אָן אן אָנהייב און אָן א סוף. און ווי ער זינגט אַזוי די זמירות-געזאַנגען פון ערב שבת, דוכט זיך אים אז אויבן איבער אים אין די צווייגן פון דיביימער זינגען מיט אים צוזאַמען אויך די פייגל. הייבט ער אויף דעם קאָפּ און ער דערזעט: נישט ווייט פון אים צווישן די ביימער שטייט א שטיבעלע און פון קוימען גייט א רויך — א סימן — מענטשן וווינען דאָרטן און מען הייצט דעם אויוון. דערפרייט ער זיך, גייט צו און קלאַפּט אָן אין אַלטן טויערל. גייט ארויס אן אַלטינקע פרוי מיט א צעקנייטשטן פּנים און זי פרעגט אים:

— וואָס ווילסטו דאָ, ייד, אין דעם נישט גוטן אָרט?

— קען דאָ ביי דיר אין שטיבעלע א ייד שבת האַל-טן? עסן און טרינקען האָב איך אייגענע געגנוג, און א מתּנה פאַר דיר וועט אויך זיין פאַר דיין גוטסקייט.

— ניין, ייד, בעסער אנטלויף פון דאַנען. דאָס שטי-בעלע איז נישט מיינס. איך בין דאָ א געפאַנגענע פון די זיבן גזלנים וואָס וווינען דאָ אין דעם נישט גוטן אָרט. זיי וועלן באַלד קומען וועלן זיי דיין גאָלד צונעמען און דיך וועלן זיי טייטן און פאַר די ווילדע וועלף אין וואַלד אַוועקוואַרפן.

— ניין, אַלטיטשקע. א דאַנק דיר פאַר דיין גוטסקייט, אָבער אנטלויפן קען איך נישט: עס איז שוין שבת, און אום שבת פאָר איך נישט.

גייט ער צוריק צו זיין שטיין און ער זעצט זיך ווידער לערנען און דאַווענען און ער פאַרגעסט זיך ווידער פון

זיין אומגליק. ערשט — ער הערט שלעכטע געזאַנגען זינגט מען. ער גיט אַ קוק — זיבן גזלנים גייען גלייך צו אים און דער קלענסטער פירט אויף אַ לאַנגער קייט אַ בער.

— ייד, דערלאַנג דיין געלט אהער! — האָט אויסגע-שריען דער עלטסטער גזלן.

. . . דיין געלט אהער! האָט אָפּגעהילכט אין אלע זייטן פון וואלד.

און רב עזריאל בעט ביי גאָט שטילערהייט און ער ענטפערט די גזלנים:

— מיט מיר קענט איר טאָן וואָס איר ווילט, נאָר מיין געלט קען איך געבן ערשט מאָרגן ווען דער שבת וועט אוועק, אום שבת רייד איך נישט וועגן געלט.

די גזלנים האָבן זיך באַטראַכט און געזאָגט:

אַז מיר וועלן אים איצט הרגענען, וועלן מיר דאָס געלט נישט געפינען, טאָ זאָל ער לעבן ביז זיין שבת וועט אריבער.

וועכט סיי ווי פון אונדז נישט אנטלויפן, און זיי האָבן אוועקגעשטעלט זייער בער לעבן רב עזריאלן אים צו היטן, און אליין זיינען זיי אריין אין שטיבל. רב עזריאל וויל וויינען, אָבער אום שבת טאָר מען נישט וויינען, האַלט ער זיך איין. דאַוונט ער אָפּ דעם פרייטיקצונאַכ-טיקן דאַוונען, זאָגט צו זיך אליין „גוט שבת”, וואַשט די הענט, נעמט פון וואָגן שבתדיקע חלה און ער מאַכט קידוש, שניידט אָפּ פאַר זיך אַ מוציא חלה און שניידט

אָפּ נאָך אַ מוציא און ער גיט דעם בער, זיין היטער. דער בער האָט געגעסן די שבתדיקע חלה צוזאַמען מיט רב עזריאלן און ער האָט זיך צוגערוקט א טראָט נענטער צו אים. און אז רב עזריאל האָט נאָך זיין עסן געזונגען זיינע שבתדיקע זמירות-געזאנגען איז דער בער גע-שטאנען אויף די הינטערשטע פיס און אויך מיטגע-ברומט. און אזוי איז אויך געווען שבת אין דער פריביים עסן און אזוי שבת-ביינאָג צו דער דריטער סעודה. און שבת צונאכט צו הבדלה איז שוין דער בער געשטאנען גאָר נאָנט לעבן רב עזריאלן און געטרונקען מיט אים פון דעם הבדלה-וויין.

רב עזריאל נעמט זיך איצט ווינען און בעטן ביי גאָט ער זאָל כאָטש קומען צו קבר ישראל און דער בער שטייט און ברומט אויך לעבן אים. ערשט די גזלנים גייען מיט זייערע העק. גייט צו דער ערשטער גזלן און וויל אָפּפירן דעם בער אָן א זייט, ערשט דער בער גיט אים א כאַפּ, א הייב אויף אין דער לופטן און א שליידער וויט ווייט, אויף יענער זייט וואַלד. גייט שוין דער צווייטער גזלן, כאפט אים דער בער און שליידערט אים ארויף אויף א שפּיץ בוים, אז ער קען נישט אראָפּ. און אַזוי דעם דריטן, דעם פערטן, דעם פינפטן דעם זעקסטן. און דעם זיבעטן.

נעמט רב עזריאל זיין געלט פון באהעלטעניש ארויס, הייבט אָן גאָט דאנקען און לויבן, און ער שפּאנט איין אויף גיך דאָס פערד וואָס האָט זיך גוט אויסגערוט דעם

גאַנצן שבת און ער לאָזט זיך פאָרן. ערשט דער בער גייט פאָרויס אויף צוויי פיס, מיט איין לאַפּע האַלט ער דאָס פערד ביים צוים און ער פירט. און רב עזריאל ווייסט שוין אז גאָט האָט אים א נס געטאָן, זיצט ער אין שליטן און האַלט אין איין זינגען לויב געזאַנגען צו גאָט.

אריבער די נאַכט, עס נעמט ווערן טאָג, ערשט ער גיט א קוק — זיין שטעטל. און די מענטשן פון שטעטל שטייען אויף, זיי גיבן א קוק: ר׳ עזריאל, וואָס זיי האָבן געמיינט אז ער איז שוין טויט, פאָרט זיך אין זיין וואָגן און א גרויסער בער פירט זיין פערד גלייך צו אים אין שטוב אריין. און פון דעמאָלט אָן האָט מען שוין גערופן נישט רב עזריאל דער שבת-היטער, נאָר מען האָט אים גערופן — רב עזריאל מיט דעם בער.

און רב עזריאל האָט גומל געבענטשט,
געמאַכט א סעודה א גרויסע,
דאָס גאַנצע שטעטל פאַררופן.
מען האָט געטרונקען און געגעסן
און אָן גאָט נישט פאַרגעסן.
מיר זיינען דאָרטן געווען אויך,
און געגעסן לאָקשן מיט יויך.

# גאַנצע קאַזאַק



גייט עס ווי אַ בלינדער,
און פרעגט ביינאַכט אויף קינדער
וואָס וויינען אין די וויגן,
און ווילן שטיל נישט ליגן?...
דאָס איז דאָך גאַנצע קאַזאַק.
וואָס בלאָזט זיך ווי א בלאָז-זאַק,
און גייט אין רויטע הויזן,
און טראָגט א האַק א בלויזן.
ער האָט צוויי הויקער-פּלייצעס,
און עסט אויף צוועלף חמוציאס,
און טרינקט פון דרייצן גלעזער,
און האָט דריי לאַנגע נעזער,
צוויי הענט צו זיבן פינגער,
דריי קעפּ מיט ניין צינגער,
זעקס וואַנצעס, לאַנג און שפּיציק,
צוועלף אויגן, רויט און בליציק.
צוויי פיס צו דרייסיק איילן,

און ווינט אין טיפֿע היילן.
און ווי עס קומט ביינאַכט נאָר,
און טיר און לאָדן פֿאַרמאַכט נאָר,
דאַן נעמט ער האַק און מעסער,
און מאַכט זיי גרויס און גרעסער,
און שאַרפֿט זיי גוט און בעסער,
פֿאַרוואַרפֿט זיי אויף די פּלייצעס,
שפּאַנט איין דריי וועלף אָן לייצעס,
פֿאָרויס צוויי גראָבע דייטשן,
צוויי שלאַנגען פֿאַר צוויי בייטשן,
צוויי בערן פֿון די זייטן,
און לאָזט פֿון וואַלד זיך רייטן.
און ווי ער קומט צום שטעטל,
נעמט ער אַרויס אַ צעטל,
און לייענט ווי אַ בלינדער
די נעמען פֿון די קינדער,
וואָס וויינען אין די וויגן,
און ווילן שטיל נישט ליגן.
דאַן עפֿנט ער די טאָרבע,
און גיט פֿון פֿלאַש אַ שאָרבע
און לאָזט זיך גיין געבויגן
מיט זוכנדיקע אויגן:
בלייבט שטיין ביי יעדן טויער,
און טוליעט צו אַן אויער,
און קלאַפּט אָן ווי אַ בלינדער:

„דאָ ווײַנען קליינע קינדער?
דאָס בין איך, גאַנצע קאָזאַק,
איך בלאָז זיך ווי א בלאָז-זאק.
און גיי אין רויטע הויזן,
און טראָג א האק א בלויזן,
איך האָב צוויי הויקער פּלייצעס,
און עס אויף צוועלף המוציאס,
און טרינק פון דרייצן גלעזער.
און האָב דריי לאַנגע נעזער,
צוויי הענט צו זיבן פינגער,
דריי קעפּ מיט ניין צינגער,
זעקס וואָנצעס, לאַנג און שפּיציק,
צוועלף אויגן, שאַרף און בליציק,
צוויי פיס צו דרייסיק איילן,
און ווין אין טיפע היילן,
און בורטשע ווי דריי בערן,
דאָס קום איך ווײַנען הערן
די קינדער אין די וויגן,
וואָס ווילן שטיל נישט ליגן.
און ווי נאָר קינדער הערן
א בורטשען פון דריי בערן:
איז נעמען זיי זיך שרעקן,
און איבערן קאָפּ פאַרדעקן,
און בלייבן שווייגן אַלע,
און בעטן נישט קיין חלה,

און ווילן נישט קיין פייער,
און ווערן ליב און טייער,
איז נעמט זיך גאַנטע קאָזאַק,
וואָס בלאָזט זיך ווי א בלאָז-זאַק,
און לאָזט זיך ווי אַ בלינדער,
צו זוכן אנדערע קינדער. —
נאָר טאָמער ווייגען אלע,
און בעטן דוקא חלה,
און ווילן דוקא פייער,
און זיינען גרויסע שרייער, —
דאן ווערט ער שטארק אין כעס,
און בילט און מאכט העוויות,
און גיט א רוף דריי שדים,
און מאכט א לאָך אין בוידעם,
און כאפט די שלעכטע קינדער,
און טראָגט זיי ווי א בלינדער
און ברענגט זיי אין די היילן,
און הייסט זיי בולבעס שיילן.
דאן קאָכט ער אויף א קעסל,
טרינקט בראָנפן פון א פעסל,
און נעמט די מעסער שאַרפן,
און הייבט אָן גורל ווארפן,
פארשפארט די טיפע היילן,
און וויל זיי אַלע קוילן.
און ווי די קינדער זעען,
וואָס דאָ וועט באלד געשעען,

וואָס ס׳וועט פון זיי באַלד ווערן
פאַרגיסן זיי פיל טרערן,
און הייבן אָן אים גלעטן
און האַרצעדיק צו בעטן:
„דו גוטער, גאָנטע קאָזאַק,
וואָס בלאָזט זיך ווי אַ בלאָז-זאַק,
דו האָסט דאָך רויטע הויזן,
און טראָגסט אַ האַק אַ בלויזן.
דו האָסט צוויי שיינע פּלייצעס,
און עסט אויף צוועלף המוציאס,
און טרינקסט פון דרייצן גלעזער,
און האָסט דריי לאַנגע נעזער.
צוויי הענט צו זיבן פינגער,
דריי קעפּ מיט ניין צינגער,
זעקס וואָנצעס לאַנג און שפּיציק,
צוועלף אויגן רויט און בליציק,
צוויי פּיס צו דרייסיק איילן —
צי דאַרפסטו דען אונדז קוילן?
מיר זיינען גוטע קינדער,
און דו ביסט ווי אַ בלינדער,
מיר וועלן מיט דיר לעבן,
און העמדעלעך דיר וועבן,
און קישעלעך דיר נייען,
און בלימעלעך דיר זייען.
מיר וועלן מער ניט וויינען,

און מעשהלעך דיר לייענען,
און עסן דיר דערלאַנגען,
פאַרוויגן מיט געזאַנגען".
דערהערט עס גאַנטע קאָזאַק,
בלאָזט אָן זיך ווי אַ בלאָז-זאַק,
און ווערט אַזאַ מין גוטער,
און גיט זיי ברויט מיט פוטער,
און גלעט זיי אויף די קעפּלעך,
און גיט זיי זיבן טעפּלעך,
און הייסט זיי קאָכן קרעפּלעך,
און הייסט די בעט צובעטן,
און הערט ניט אויף זיי גלעטן.
נו, קאָכן זיי אים קרעפּלעך,
און וואַשן אויס די טעפּלעך,
און בעטן אויס די בעטן,
און וויגן אים און גלעטן,
און ווי ער הייבט אָן שלאָפן,
גענומען און אַנטלאָפן.
געלאָפן איבער וועלדער,
געלאָפן איבער פעלדער,
געשווומען איבער ימען,
געקומען צו דער מאַמען.
פון גאַנטען ניט געטראַכט מער,
און נישט געוויינט ביינאַכט מער.

# אָבער קינדער זײַנען מיר

װער מיר זײַנען, זײַנען מיר,
אָבער קינדער זײַנען מיר
װאָס מיר טוען, טוען מיר.
אָבער לערנען, לערנען מיר.

װער מיר זײַנען, זײַנען מיר,
אָבער קינדער זײַנען מיר
װאָס מיר טוען, טוען מיר.
אָבער זינגען, זינגען מיר.

װער מיר זײַנען, זײַנען מיר,
אָבער קינדער זײַנען מיר
װאָס מיר טוען, טוען מיר.
אָבער שטיפן, שטיפן מיר.

װער מיר זײַנען, זײַנען מיר,
אָבער קינדער זײַנען מיר
װאָס מיר טוען, טוען מיר.
אָבער יום כּפּור פֿאַסטן מיר.

װער מיר זײַנען, זײַנען מיר,
אָבער קינדער זײַנען מיר
װאָס מיר טוען, טוען מיר.
אָבער מצה עסן מיר.

ווער מיר זיינען, זיינען מיר,
אָבער קינדער זיינען מיר
וואָס מיר טוען, טוען מיר.
אָבער נדבות גיבן מיר.

# האָט השי״ אַראָפּגעשיקט

האָט השם יתברך אַראָפּגעשיקט
אַ ביימעלע אַראָפּ, אַ ביימעלע אַראָפּ,
ביימעלע זאָל באַרעלעך וואַקסן.
ביימעלע וויל ניט באַרעלעך וואַקסן,
באַרעלעך ווילן ניט פאַלן.

האָט השם יתברך אַראָפּגעשיקט
יעקעלען אַראָפּ, יעקעלען אַראָפּ
יעקעלע זאָל באַרעלעך רייסן,
יעקעלע וויל ניט באַרעלעך רייסן
באַרעלעך ווילן ניט פאַלן.

האָט השם יתברך אַראָפּגעשיקט
אַ הינטעלע אַראָפּ, אַ הינטעלע אַראָפּ
הינטעלע זאָל יעקעלען בייסן
הינטעלע וויל ניט יעקעלען בייסן
יעקעלע וויל ניט באַרעלעך רייסן
באַרעלעך ווילן ניט פאַלן.

האָט השם יתברך אַראָפּגעשיקט
אַ שטעקעלע אַראָפּ, אַ שטעקעלע אַראָפּ,
שטעקעלע זאָל הינטעלע שלאָגן
שטעקעלע וויל ניט הינטעלען שלאָגן
הינטעלע וויל ניט יעקעלען בייסן

יעקעלע ווי̈ל ניט באַרעלעך רייסן
באַרעלעך ווילן ניט פֿאַלן.

האָט השם יתברך אַראָפּגעשיקט
אַ פֿייערל אַראָפּ, אַ פֿייערל אַראָפּ,
פֿייערל זאָל שטעקעלען ברענען.
פֿייערל ווי̈ל ניט שטעקעלען ברענען
שטעקעלע ווי̈ל ניט הינטעלען שלאָגן
הינטעלע ווי̈ל ניט יעקעלען בייסן,
יעקעלע ווי̈ל ניט באַרעלעך רייסן,
באַרעלעך ווילן ניט פֿאַלן.

האָט השם יתברך אַראָפּגעשיקט
אַ וואַסערל אַראָפּ, אַ וואַסערל אַראָפּ,
וואַסערל זאָל פֿייערל לעשן.
וואַסערל ווי̈ל ניט פֿייערל לעשן,
פֿייערל ווי̈ל ניט שטעקעלען ברענען
שטעקעלע ווי̈ל ניט הינטעלע שלאָגן,
הינטעלע ווי̈ל ניט יעקעלען בייסן
יעקעלע ווי̈ל נישט באַרעלעך רייסן,
באַרעלעך ווילן ניט פֿאַלן.

האָט השם יתברך אַראָפּגעשיקט
אַן אָקסעלע אַראָפּ, אַן אָקסעלע אַראָפּ,
אָקסעלע זאָל וואַסערל טרינקען.
אָקסעלע ווי̈ל ניט וואַסערל טרינקען,
וואַסערל ווי̈ל ניט פֿייערל לעשן

פייערל וויל ניט שטעקעלע ברענען
שטעקעלע וויל ניט הינטעלע שלאָגן,
הינטעלע וויל ניט יעקעלען בייסן
יעקעלע וויל ניט באַרעלעך רייסן,
באַרעלעך ווילן ניט פאַלן.

האָט השם יתברך אַראָפּגעשיקט
אַ שוחטל אַראָפּ, אַ שוחטל אַראָפּ,
שוחטל זאָל אָקסעלען שעכטן.
שוחטל וויל ניט אָקסעלען שעכטן.
אָקסעלע וויל ניט וואַסערל טרינקען
וואַסערל וויל ניט פייערל לעשן
פייערל וויל ניט שטעקעלע ברענען,
שטעקעלע וויל ניט יעקעלען שלאָגן,
יעקעלע וויל ניט באַרעלעך רייסן,
באַרעלעך ווילן ניט פאַלן.

# שיין בין איך שיין

אַ שיין מיידעלע בין איך,

בלויע זעקעלעך טראָג איך,

געלט אין די טאַשן

ווייַן אין די פלאַשן

מעד אין די קריגעלעך,

קינדער אין די וויגעלעך,

שרייען ווי די ציגעלעך:

מע-מע-מע!

# צען ברידער

צען ברידער זיינען מיר געווען,
האָבן מיר געהאַנדלט מיט ליין,
איינער איז געשטאָרבן,
זיינען מיר געבליבן ניין.
אוי! שמערל מיט דעם פידל
טביה מיטן באַס,
שפילט זשע מיר אַ לידל
אויפן מיטן גאַס!
אוי-אוי-אוי, אוי-אוי-אוי
שפילט זשע מיר אַ לידל
אויפן מיטן גאַס!

ניין ברידער זיינען מיר געווען,
האָבן מיר געהאַנדלט מיט פראכט
איינער איז געשטאָרבן
זיינען געבליבן אַכט.
אוי! שמערל מיט דעם פידל
טביה מיטן באַס,
שפילט זשע מיר אַ לידל
אויפן מיטן גאַס!
אוי-אוי-אוי, אוי-אוי-אוי
שפילט זשע מיר אַ לידל
אויפן מיטן גאַס!

אַכט ברידער זיינען מיר געווען,
האָבן מיר געהאַנדלט מיט ריבן,
איינער איז געשטאָרבן,
זיינען געבליבן זיבן.
אוי! שמערל מיט דעם פידל
טביה מיטן באַס,
שפּילט זשע מיר אַ לידל
אויפן מיטן גאַס!
אוי-אוי-אוי, אוי-אוי-אוי
שפּילט זשע מיר אַ לידל
אויפן מיטן גאַס!

זיבן ברידער זיינען מיר געווען,
האָבן מיר געהאַנדלט מיט געבעקס,
איינער איז געשטאָרבן
זיינען געבליבן זעקס.
אוי! שמערל מיט דעם פידל
טביה מיטן באַס,
שפּילט זשע מיר אַ לידל
אויפן מיטן גאַס!
אוי-אוי-אוי, אוי-אוי-אוי
שפּילט זשע מיר אַ לידל

זעקס ברידער זיינען מיר געווען
האָבן מיר געהאַנדלט מיט שטרימף,
איינער איז געשטאָרבן

זיינען געבליבן פינף.
אוי! שמערל מיט דעם פידל
טביה מיטן באַס,
שפּילט זשע מיר אַ לידל
אויפן מיטן גאַס!
אוי-אוי-אוי, אוי-אוי-אוי
שפּילט זשע מיר אַ לידל
אויפן מיטן גאַס!

פינף ברידער זיינען מיר געוועזן
האָבן מיר געהאַנדלט מיט ביר,
איינער איז געשטאָרבן
זיינען געבליבן פיר.
אוי! שמערל מיט דעם פידל
טביה מיטן באַס,
שפּילט זשע מיר אַ לידל
אויפן מיטן גאַס!
אוי-אוי-אוי, אוי-אוי-אוי
שפּילט זשע מיר אַ לידל
אויפן מיטן גאַס!

פיר ברידער זיינען מיר געוועזן
האָבן מיר געהאַנדלט מיט בליי,
איינער איז געשטאַרבן
זיינען געבליבן דריי.
אוי! שמערל מיט דעם פידל
טביה מיטן באַס,

שפּילט זשע מיר אַ לידל
אויפן מיטן גאַס!
אוי-אוי-אוי, אוי-אוי-אוי
שפּילט זשע מיר אַ לידל
אויפן מיטן גאַס!

דריי ברידער זיינען מיר געווען
האָבן מיר געהאַנדלט מיט היי,
איינער איז געשטאָרבן
איז געבליבן צוויי.
אוי! שמערל מיט דעם פידל
טביה מיטן באַס,
שפּילט זשע מיר אַ לידל
אויפן מיטן גאַס!
שפּילט זשע מיר אַ לידל
אוי-אוי-אוי, אוי-אוי-אוי
אויפן מיטן גאַס!

צוויי ברידער זיינען מיר געווען
האָבן מיר געהאַנדלט מיט ביינער,
איינער איז געשטאָרבן
איז געבליבן איינער.
אוי! שמערל מיט דעם פידל
טביה מיטן באַס,
שפּילט זשע מיר־אַ לידל
אויפן מיטן גאַס!

אוי-אוי-אוי, אוי-אוי-אוי
שפּילט זשע מיר אַ לידל
אויפֿן מיטן גאַס!
איין ברודער בין איך מיר געווען
האָב איך געהאַנדלט מיט שטיינער
בין איך אויך געשטאָרבן,
איז געבליבן קיינער.
אוי! שמערל מיט דעם פֿידל
טביה מיטן באַס,
שפּילט זשע מיר אַ לידל
אויפֿן מיטן גאַס!
אוי-אוי-אוי, אוי-אוי-אוי
שפּילט זשע מיר אַ לידל
אויפֿן מיטן גאַס!

# שלאָף, שלאָף, שלאָף

שלאָף, שלאָף, שלאָף,
דער טאַטע וועט פאָרן אין דאָרף
וועט ער ברענגען אַן עפּעלע
וועט זיין געזונט דאָס קעפּעלע.

שלאָף, שלאָף, שלאָף,
דער טאַטע וועט פאָרן אין דאָרף
וועט ער ברענגען אַ ניסעלע
וועט זיין געזונט דאָס פיסעלע.

שלאָף, שלאָף, שלאָף,
דער טאַטע וועט פאָרן אין דאָרף
וועט ער ברענגען אַן ענטעלע
וועט זיין געזונט דאָס הענטעלע.

שלאָף, שלאָף, שלאָף,
דער טאַטע וועט פאָרן אין דאָרף
וועט ער ברענגען אַ העזעלע
וועט זיין געזונט דאָס נעזעלע.

שלאָף, שלאָף, שלאָף,
דער טאַטע וועט פאָרן אין דאָרף
וועט ער ברענגען אַ פייגעלע
וועט זיין געזונט דאָס אייגעלע.

# האָב איך אַ פּאָר אָקסן, אָקסן

האָב איך אַ פּאָר אָקסן, אָקסן,
וואָס זיי בראָקן לאָקשן, לאָקשן.
אַך וואונדער איבער וואונדער
ווי די אָקסן בראָקן לאָקשן.
דאָס איז מיר אַ וואונדער!

האָב איך אַ פּאָר בערן, בערן,
וואָס זיי שטיבער קערן, קערן,
אַך וואונדער איבער וואונדער
ווי די בערן שטיבער קערן.
ווי די אָקסן בראָקן לאָקשן
דאָס איז מיר אַ וואונדער!
דאָס איז מיר אַ וואונדער!

האָב איך אַ פּאָר הינט, הינט,
וואָס זיי מאַכן טינט, טינט.
אַך וואונדער איבער וואונדער
ווי די הינט מאַכן טינט
ווי די בערן שטיבער קערן...
ווי די אָקסן בראָקן לאָקשן.
דאָס איז מיר אַ וואונדער,
דאָס איז מיר אַ וואונדער...

האָב איך אַ פּאָר ציגן, ציגן,
וואָס זיי קינדער וויגן, וויגן.

אַך װוּנדער איבער װוּנדער
װי די ציגן קינדער װיגן,
װי די הינט מאַכן טינט...
װי די בערן שטיבער קערן,
װי די ציגן קינדער װיגן
דאָס איז מיר אַ װוּנדער,
דאָס איז מיר אַ װוּנדער...

האָב איך אַ פּאָר טױבן, טױבן,
װאָס זײ נײען הױבן, הױבן.
אַך װוּנדער איבער װוּנדער
װי די טױבן נײען הױבן
װי די ציגן קינדער װיגן...

האָב איך אַ פּאָר הענער, הענער,
װאָס זײ קלײבן שפּענער, שפּענער
אַך װוּנדער איבער װוּנדער
װי די הענער קלײבן שפּענער
װי ד יטױבן נײען הױבן...

# האָב איך מיר אַ קליינעם מיכעלקו

האָב איך מיר אַ קליינעם מיכעלקו,
ווינט ער אין דער לאַנגער גאַס.
מאַכט ער מיר וואָס ער וויל
מאַכט ער מיר וואָס ער קען.
מאַכט ער מיר אַ פייפעלע.
פּין-פּין-פּין, פּין-פּין-פּין
מאַכט דאָס פייפעלע,
פּין-פּין-פּין, פּין-פּין-פּין
מאַכט דאָס פייפעלע!

האָב איך מיר אַ קליינעם מיכעלקו,
ווינט ער אין דער לאַנגער גאַס.
מאַכט ער מיר וואָס ער וויל
מאַכט ער מיר וואָס ער קען.
מאַכט ער מיר אַ פייקעלע,
טרבאַם-באַם-באַם, טרבאַם-באַם-באַם
מאַכט דאָס פייקעלע
טרבאַם-באַם-באַם, טרבאַם-באַם-באַם
מאַכט דאָס פייקעלע

האָב איך מיר אַ קליינעם מיכעלקו,
ווינט ער אין דער לאַנגער גאַס.
מאַכט ער מיר וואָס ער וויל
מאַכט ער מיר וואָס ער קען.
מאַכט ער מיר אַ פידעלע

טידעל-נידעל, טידעל-נידעל
מאַכט דאָס פידעלע
טידעל-נידעל, טידעל-נידעל
מאַכט דאָס פידעלע

האָב איך מיר אַ קליינעם מיכעלקן,
וווינט ער אין דער לאַנגער גאַס.
מאַכט ער מיר וואָס ער וויל
מאַכט ער מיר וואָס ער קען.
מאַכט ער מיר אַ צימבעלע
צים-בים-בים, צים-בים-בים
מאַכט דאָס צימבעלע
צים-בים-בים, צים-בים-בים
מאַכט דאָס צימבעלע

# זיצן, זיצן זיבן קינדער

זיצן, זיצן זיבן קינדער
ביי אַ קוואַל און ברונעם.
זאָגט איינער צו דעם אַנדערן,
וואָלט מיין טאַטע קומען,
וואָלט איך זיך פאַרשטעלט פאַר אַ האָז,
וואָלט איך געשפּרונגען איבערן גראָז,
וואָלט מיר ווייל באַקומען!
וואָלט מיר ווייל באַקומען!

זיצן, זיצן זיבן קינדער
ביי אַ קוואַל און ברונעם.
זאָגט איינער צו דעם אַנדערן
וואָלט מיין טאַטע קומען,
וואָלט איך זיך פאַרשטעלט פאַר אַ בער
וואָלט איך געשפּרונגען הין און הער
וואָלט מיר ווייל באַקומען!
וואָלט מיר ווייל באַקומען!
זיצן, זיצן זיבן קינדער

בײַ אַ קוואַל און ברונעם.
זאָגט אײנער צו דעם אַנדערן
וואָלט מײַן טאַטע קומען,
וואָלט איך זיך פאַרשטעלט פאַר אַ קאַ״
וואָלט איך געשפּרונגען איבערן פּלאַץ
וואָלט מיר ווײל באַקומען!
וואָלט מיר ווײל באַקומען!
זיצן, זיצן זיבן קינדער
בײַ אַ קוואַל און ברונעם.
זאָגט אײנער צו דעם אַנדערן
וואָלט מײַן טאַטע קומען,
וואָלט איך זיך פאַרשטעלט פאַר אַ בין
וואָלט איך געפלויגן אַהער און אַהין
וואָלט מיר ווײל באַקומען!
וואָלט מיר ווײל באַקומען!

# אַ רעטעניש

— דו מיידעלע, דו שיינס,
דו מיידעלע דו פיינס,
כ'וועל דיר עפּעס פרעגן
אַ רעטעניש, אַ פיינס:
וואָס איז העכער פאַר אַ הויז,
און וואָס איז פלינקער פאַר אַ מויז?
— נאַרישער בחור, נאַרישער טראָפּ,
דו האָסט דאָך ניט קיין שכל אין דיין קאָפּ!
דער רויך איז העכער פאַר אַ הויז,
אַ קאַץ איז פלינקער פאַר אַ מויז.
— דו מיידעלע, דו שיינס,
דו מיידעלע דו פיינס,
כ'וועל דיר עפּעס פרעגן
אַ רעטעניש, אַ פיינס:
וואָס איז טיפער פאַר אַ קוואַל,
און וואָס איז ביטערער ווי גאַל?
— נאַרישער בחור, נאַרישער טראָפּ,
דו האָסט דאָך ניט קיין שכל אין דיין קאָפּ!
די תורה איז טיפער פאַר אַ קוואַל,
דער טויט איז ביטערער ווי גאַל!

— דו מיידעלע, דו שיינס,
דו מיידעלע דו פיינס,
כ'וועל דיר עפּעס פרעגן

אַ רעטעניש, אַ פּיינס:
וואָס פּאַר אַ וואַסער איז אָן זאַמד
וואַסער מלך אונדז אָן אַ לאַנד.
— נאַרישער בחור, נאַרישער טראָפּ,
דו האָסט דאָך ניט קיין שׂכל אין דיין קאָפּ!
דאָס וואַסער פֿון אויג איז אָן אַ זאַמד
דער מלך פֿון קאָרטן איז אָן אַ לאַנד!

— דו מיידעלע, דו שיינס,
דו מיידעלע דו פּיינס,
כ׳וועל דיר עפּעס פֿרעגן
אַ רעטעניש, אַ פּיינס:
וואָסער מילנער איז אָן אַ מיל,
און וואָסער לעפֿל איז אָן אַ שטיל?
— נאַרישער בחור, נאַרישער טראָפּ,
דו האָסט דאָך ניט קיין שׂכל אין דיין קאָפּ!
אַן אָפּגעברענטער מילנער איז אָן אַ מיל,
אַן אָפּגעבראָכענע לעפֿל איז אָן אַ שטיל!

# אונטער דעם קינדס וויגעלע

אונטער דעם קינדס וויגעלע
שטייט אַ קלאָר-ווייס ציגעלע.
דאָס ציגעלע איז געפאָרן האַנדלען.
ראָזינקעס מיט מאַנדלען.
ראָזינקעס מיט מאַנדלען זיינען זייער זיס, —
מיין קינד וועט זיין געזונט און פריש.
תורה איז די בעסטע סחורה
מיין קינד וועט לערנען תורה
ספרים וועט ער שרייבן
תורה וועט ער לערנען
אַ גוטער און אַ פרומער
וועט ער בלייבן.

# עטעלע און מאַטעלע



אַמאָל אַן עטעלע,
אַן עטעלע אַ שיינס
האָט זי געהאַט אַ ברודערל,
אַ מאַטעלע אַ קליינס.
אַמאָל, די מאַמע איז אַוועק
און ניט געקומען באַלד,
נעמט עטעלע מיט מאַטעלען
און גייט אַוועק אין וואַלד.
געקומען זיינען זיי אין וואַלד
געבלאָנדזשעט הין און הער
באַגעגנט זיי אַ בערעלע —

אַ גרויסער שוואַרצער בער.
— עטעלע מיט מאַטעלען,
וואָס טוט איר דאָ אין וואַלד?
צי האָט איר גאָר קיין מורא ניט?
איך וועל אייך אויפעסן באַלד.

— בערעלע, דו גוטינקער!
אוי, זע, ריר אונדז ניט אָן —
די מאַמע וועט דיר אויסבאַקן
אַ קיכעלע מיט מאָן.
גייט אַוועק דאָס בערעלע,
די קינדער בלייבן שטיין.
פינצטער ווערט אין וועלדעלע,
עס הערט זיך אַ געוויין.
מאַמע, גוטע מאַמעלע,
אָ קום צו אונדז צו גיין.
מאַמע, זיסע מאַמעלע,
אָ, נעם אונדז צו אַהיים.

# די חתונה פון דער קאַץ



טראַ-טאַ-טאַ און פּיץ-פּיץ-פּאַץ,
היינט האָט חתונה אונדזער קאַץ,
אונדזער שיינע גרויע מירקע
מיטן שוואַרצן קאָטער סירקע.
פאַרן קאָטער האָט מען מורא —
מען זאָגט ער איז אַ גוטע סחורה:
אַ גרויסער עם הארץ
און דערצו אַ גרויסער פּריץ.
איז טראַ-טאַ-טאַ און פּיץ-פּיץ-פּאַץ
היינט האָט חתונה אונדזער קאַץ.

פון אַלע גאַסן און הויפן
זיינען געקומען צו לויפן
אַן אָקס, אַ בין, אַ שעפּס, אַ ציג,
אַ גאַנדז, אַ קאַטשקע און אַ פליג.
דער חזיר מיט צוויי קינדער,
די בהמה מיט זעקס רינדער.

דעם בלינדן הינטל ראָבקע
האָט מען געפירט פאַר אַ לאַפּקע.
אַפילו די גרויע מייזלעך
האָבן זיך באַוויזן פון די הייזלעך,
איז טראַ-טאַ-טאַ און פּיץ-פּיץ-פּאַץ
היינט האָט חתונה אונדזער קאַץ.

זיינען געקומען פידל שפּילן.
דער חתן האָט געגעבן מיט די אייגלעך אַ גלאַנץ
און איז אַוועק מיט דער כלה אַ טאַנץ.
און אַז אַלע האָבן זיך געזעצט אויף די ערטער,
האָט דער חתן געזאָגט אַ פּאָר ווערטער:
„טייערע, ליבע מיינע געסט!
לאָזט אייך ווילגיין, טרינקט און עסט,
די שמחה איז ביי אונדז אַ גרויסע.
לאָמיר, ברידער, מאַכן אַ כוסה".
און אַז מען האָט געענדיקט עסן און טרינקען,
האָבן אַלע גענומען טאַנצן און זינגען,
איז טראַ-טאַ-טאַ און פּיץ-פּיץ-פּאַץ
היינט האָט חתונה אונדזער קאַץ.
איז טראַ-טאַ-טאַ און פּיץ-פּיץ-פּאַץ
היינט האָט חתונה אונדזער קאַץ.

# ציפּעלע

עס האָט די קליינע ציפּעלע
פאַרביסן מיט א ליפּעלע:
— אוי, ציפּעלע, וואָס וויינסטו —
אַן עפּעלע — דאָס מיינסטו?
— אוי, ניין, ניין, ניין —
ווער זאָגט עס, אַז איך וויין?
עס האָט די קליינע ציפּעלע
פאַרקניפּט דאָס מויל — א קניפּעלע . . .
— אוי, ציפּעלע, וואָס וויינסטו —
צוויי עפּעלעך — דאָס מיינסטו?
— אוי, ניין, ניין, ניין —
ווער זאָגט עס, אַז איך וויין?
און ס'טרייסלט זיך איר קעפּעלע
צוזאַמען מיט איר צעפּעלע . . .
— אוי, ציפּעלע, וואָס וויינסטו —
דריי עפּעלאך — דאָס מיינסטו?
— אוי, ניין, ניין, ניין —
ווער זאָגט עס, אַז איך וויין?
איך וויל א קוש — נישט מיין

# ציפ צאַפ עמערל

ציפּ, צאַפּ, עמערל,
קום צו מיר אין קעמערל,

כ׳וועל דיר עפּעס ווייזן, —
שיסעלעך פון אייזן,

מילך אין די קריגעלעך,
קינדער אין די וויגעלעך.

האָלץ וועלן מיר האקן,
בולקעס וועלן מיר באקן.

טרינקען וועלן מיר וויין,
פרייליך וועלן מיר זיין.

וויין וועלן מיר טרינקען,
לידלעך וועלן מיר זינגען.

קרעפּלעך וועלן מיר עסן, —
און קיינעם נישט פארגעסן.

# ווער עס ווייס - זאָל ענטפערן

.1

ווער ווייס איינס?
— איינס ווייס איך:
איינס איז א קעפעלע
מיט א קליין צעפעלע.

2.

ווער ווייס צוויי?
— צוויי ווייס איך:
צוויי עקן האָט א שטעקן.
איינס איז א קעפעלע
מיט א קליין צעפעלע.

.3

ווער ווייס דריי?
— דריי ווייס איך:
דריי עקן
האָט א קרעפל,
צוויי עקן
האָט א שטעקן;
איינס איז א קעפעלע
מיט א קליין צעפעלע.

4.

ווער ווייס פיר?

— פיר ווייס איך:

פיר עקן

דריי עקן

האָט אַ בעקן,

האָט אַ קרעפּל,

צוויי עקן

האָט אַ שטעקן;

איינס איז אַ קעפּעלע

מיט אַ קליין צעפּעלע.

5.

ווער ווייס פינף?

— פינף ווייס איך:

פינף פינגער

איז אַ כאַפּ,

פיר עקן

האָט אַ בעקן,

דריי עקן

האָט אַ קרעפּל,

צוויי עקן.

האָט אַ שטעקן;

איינס איז אַ קעפּעלע

מיט אַ קליין צעפּעלע.

# אין אַ שטעטל

אין אַ שטעטל שטייט אַ שטיבל
מיט אַ גרינעם דאַך,
און אַרום דעם שטיבל וואַקסן
ביימעלעך אַ סך.

און דער טאַטע און די מאַמע
האַנדלען מיט מיר,
וווינען דאָרטן אַלע אין איינעם,
אַלע, אַלע פיר.

און דער טאַטע האָרעוועט, האָרעוועט
אַלע זיינע יאָרן,
און ער ברענגט אונדז שיינע זאַכן,
ווען ער קומט צופאָרן.

ער ברענגט אַ פערדל, וואָס עס הירזשעט,
מיטן נאָמען מוציק;
ער ברענגט אַ הינטל, וואָס האַוקעט, האַוקעט,
מיטן נאָמען צוציק.

ער ברענגט אַ קאַטשקע מיט אַ העלזל,
געגנדזלעך — ווייס ווי שניי,
ער ברענגט אַ הינדל, וואָס קוואַטשקעט, קוואַטשקעט,
ביז עס לייגט אַן איי.

און ער ברענגט אונדז אויך אַ ציגל,
וואָס טרייסלט מיט זיין בערדל;
שפּאַן איך איין די ציג אין וואָגן,
ווערט פון ציג אַ פערדל.

# אינהאַלט: